משה-בינעם לעדערמאַן

# אין שפּיגל פֿון ליד

דעם ייִוואָ
אין ניו-יאָרק
דאָס בוך אין מתנה
פֿון מחבר

ביבליאָטעק פון שיינער ליטעראַטור
אילוסטראַציע אויף דער הילע
געצייכנט פון דער קינסטלערין
ר ו ת   ק ר ו י ן
געזעצט און געדרוקט אין דער
דרוקעריי פון ז ל אָ ט אָ פּ י ו ר אָ

ג ר אַ פ י ש ע ר א ו י ס ש ט אַ ט:
מעטראַמפּאַזש: לעאָן לעווקאָוויטש
לינאָטיפּיסט: ש מ ע ו ן ג ע צ ע ל
דרוקער: פּ ע ד ר אָ ר אָ ס אַ ל ע ס

משה - בינעם לעדערמאן

# אין שפּיגל פון ליד

לידער און פּאָעמעס

פאַרלאַג
יידישלאַנד
בוענאָס-איירעס

M. B. LEDERMAN

# EN EL ESPEJO DEL VERSO

IN SCHPIGL FUN LID

IMPRESO EN LA ARGENTINA
Printed in Argentina


BIBLIOTECA DE
BELLAS LETRAS

Buenos Aires - 1978

א י נ ה א ל ט

## אַרגענטינער מאָטיוון — ז״ז

## מאָטיוון פון דער אַלטער היים



## חומש־מאָטיוון

## גאָלד אין מידבר



## מאָטיוון פון וועלט און מענטש



## נאַטור־מאָטיוון

## אויף אַ שוואַרצער שעה



## מאָטיוון פון היַיער און פאַרגאַנגלעכקייט

## וויזשע קרעספּאָ

### א

וויזשע קרעספּאָ,
די אַמאָליקע ייִדישע געגנט
מיט אירע קאַפעען און קלובן
מיט די דאָמינע־ביינער
און דאַדע־שפּילן
מיטן קיביצער־געזאַמל
אַרום די לאָמע מאַרמאָר־טישלעך
און שעמעוודיקן געשטאַמל
פון ייִנגל־מיידל
שוין דערוואָקסן היפּשלעך.

### ב

אין יענע אומעטיקע האָפערדיקע צייַטן
האָט דער אימיגראַנטן־שטראָם
אַרייַנגעשיפּט זיך פּייַערלעך
אין בוענאָס־אייַרעסער פּאָרט.
געבראַכט מיט זיך אַהער
נאָך וואָכן לאַנגן וואַנדערן
אויף אַ שטורעמדיקן און אייַנגעשטילטן ים —

אַלץ נײַע גרינע,
פּראָווינצער,
שטעטל־ייִדן
מיט פֿאַרביקן
מיט זאַפּטיקן
מיט אויסגעוואַרעמטן
היימיש־ייִדישן וואָרט
אויף די טרוקענע
פֿאַרברענטע ליפּן —
פֿון אַן אומרו אָנגעטריבן
אַהער אויף די פּרימאָרגן־גאַסן
פֿון ווײַזשע קרעספּאָ.

ג

פֿרעמד איז זיי געווען נאָך דעמאָלט,
די צעטומלטע יונגעלײַטלעך,
די גרויסשטאָטישע טעג
מיטן האַוועניש און געיעג
פֿון אַ פֿולער אַרבעטוואָך.

ווי אַ כאָמעט האָט יעדערער געטראָגן
אויף זיך דעם שווערן יאָך
דעם איבערדרייסיקן פאַראַכטן
ווי נאָר דער טאָג האָט אָנגעהויבן — טאָגן
ביז נאַכט האָט גענומען נאַכטן.

און אַזוי איז מען פאַרשוואַרצט געוואָרן
אין די זוניק-העלע יונגע יאָרן.

די פרעמד איז געוואָרן אוים פרעמד
נישטאָ דאָ וואָס צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

מ׳איז געוואָרן קלאַפּערס,
קוועטשעניקעס מיט אײַנפאַלן און פאָרטלעך
גייערס איבער שטיבער
מיטן רענצל צעלניק, קאָרטלעך,
אַרומגעכאַפּט פון האַנדל-פיבער
אויסגעשפּאַנט די שטאָט
אין לענג און ברייט
מיטן מאָגערן און שיטערן
שפּאַנישן גערייד.

ד

דאָס קראַוואַטן־בענדל
איז געפלויגן אין אַ זײַט.
אַ מידער איז דער פעקל־טרעגער
אין אָוונט צוגעפאַלן צו זײַן געלעגער
מיטן רויש אין קאָפּ
אָנגעשפאַרט
אויפן וואַטן קישעלע
האַרט.

ה

מיטן ערשטן האָנענקריי
מ׳האָט גענומען שלעפן זיך אויף ס׳נײַ
כאַרעוואַטע,
צרהוואַטע
מיטן שטרויען ראַנטשע־קאַפעלושל
פאַררוקט אויפן קאָפּ —
אײַנגעשפאַנט אין עול.
געקראָכן אין די סאַפּאַטיזשעס

די לײַוונטענע שמאַטעשיך
טשאַפּעוואַטע
אונטער חוזק־בליקן
און אָפּגעשפּעט
פונעם אָרטיקן שפּאַניאָל.

צוריק זיך קוים דערשלעפּט
אין דער קאָנווענטיזשע,
אינעם צימערל פּאַר עטלעכע פּערזאָן
מיטן אָפּגעדונגען בעט
צווישן אָפּגעשיילטע פײַכטע ווענט.

ז

פון אַן אָפּגעלייגטן סענט
אָפּגעשפּאַרט פון מויל
איז געוואַקסן ס'קניפּל
מיט אַ צופרידן שמייכעלע
אויפן ליפּל.
מיט אַלע יונגע כּוחות
מ'האָט געקלעטערט

איבער שטרויכלשטיינער.
נישט איינער
איז לײדער
אָן אַ וואָרט צו זאָגן
אָפּגעפאַלן,
אַוועקגעפאַלן
נאָך איידער
ער האָט צו עפּעס וואָס
צו אַ שטיקל תּכלית
זיך געפּרוּווט דערשלאָגן.

ז

דאָס יאָגן,
ס'געאײַל
האָט זיך אָבער —
נישט אָפּגעשטעלט
די וועלט
גייט נאָך נישט אונטער,
די וועלט.
און נאָך אַ ביסל שפּעטער —

מ׳האָט זיך אויסגעלאַכט
פון אַלע חוזקערס און שפּעטערס
מיט אַ ביטולדיקן מאַך
אַוועק מיט דער האַנט
און שוין איז מען געשטאַנען
מעשׂה באַלעבאָס
אויפן שוועל
פון אַן אייגענעם געשעפט.

ח

די יוגנט האָט גערוישט,
זיך געהיצט
געשטורעמט
און געבריקעוועט
זיך געווערט
קעגן דער אַלטער וועלט
וואָס איז שוין גאָר נישט ווערט.
אָט גייט אויף צעהעלט
די נייַע וועלט.
דו גיב זיך נאָר אַן איַיל,

פאַרשאַרץ געשווינד די אַרבל,
יאָג־צו איר אויפקום.
אויף די חורבות פון דער אַלטער וועלט
שטעל אויף די נײַע
די שיינע גוטע וועלט —
פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אײַך —
פאַר אַלע גלײַך.

ט

דערווײַל
געיאָגט האָט די ניימאַשין,
די נאָדל איז געלאָפן
איבער שטאָפן —
שטאָך אויף שטאָך —
אַ גאַנצע וואָך.
פון אָט דעם סענט צו סענט
איז אויסגעוואָקסן
אַ גאַנצער סאָרטימענט :
העמדער, בלוזקעס, הויזן —
שטויסן אויף שטויסן.

י

נאָך אַ שווערן טאָג פון מי
מ׳האָט נישט געזוכט די רו אין שטוב
ס׳האָט געהויבן פונעם בענקל.
ווי קען מען אײַנזיצן אַליין
אין אײגענעם ווינקל
בײַ זיך אין דער היים?
אַוועקגעלאָפן מ׳איז אין קלוב,
ווו ס׳רוישט און ס׳קאָכט און ס׳העלט,
מע פילט די חבלי־לידה
פון דער נײַער וועלט.

יא

פאַרפלויגן אויף די אויגן
איז אַזוי די צײַט.
געבליבן איז פון אַלע זיבן גליקן —
אַ שאָטן — זיך מיט אים צו שטיקן,
אַ לאַנגער שאָטן אויסגעשפּרייט
איבער לענג און ברייט
פון ווײַסע קרעספּאָ.

## אַ הויז אין בוי

איך זע פאַר זיך
אַ הויז אין בוי
פון אײַזן און בעטאָן
הויל און וויסט —
אַ נאַקעטער סקעלעט:
פענצטער־לעכער,
ווי אויגן בלינדע
שוין לאַנג אַזוי
אַ צענדלינג יאָרן
מן הסתם.

כ׳פאַרריַם מײַן קאָפּ
אַרויף אין הייך,
איך קוק און זע
ווי ס׳שטאַרט און גרייכט
דער נישט פאַרענדיקטער געביי
אין הימל
ווײַט —
אַן אויסרוף־צייכן
פון דער צײַט.

איך ווענד מײַן בליק
אַראָפּ צום שטיין

צום קאַלטן צעמענט
אויפן דיל
און זע —
טראָפּנס טוי
ווי טרערן
פינקלען
אין פאַרבנשפּיל.

איך פיל
דעם צער
פון האַלבן באַשאַף
פון נישט דערבויטן
קנאָכיקן געביי
וואָס שטאַרצט אַרוים
מיט שוואַרץ געשטעל
פאַרלאָזן
וויסט
פאַרראָסט
ווי נישט דערהערט
צו זען זיך גאַנץ —
אַרויפגעשטיגן
ביז סאַמע העכסטן
גאָרן
מיט דאַך און שטיג
צעוויגט
ווי אַ שיף
אויפן ים.

## אויף פּלאַסע סאַן מאַרטין

**1**

אויף פּלאַסע סאַן מאַרטין
הענגט די איינזאַמקייט
אויפן דענקמאָל
מיט פּאַטין
פון גאָלד און גרין
געדיכט
און דורכזיכטיק
ווי דער פּערלטוי
אויף ביימער
וואָס ס׳זעט נישט
און באַמערקט נישט
קיינער.

די איינזאַמקייט
לײַכט פאַר זיך אַליין
מיט איר אייגן ליכט.

אין פלאַמענשײַן
פון זונפאַרגאַנג
הענגט די איינזאַמקייט
אַרונטער פון אַ צווײַג

ווי אַ געהאָנגענער
וואָס באָמבלט זיך,
וויגט זיך הער און הין
און שווייַגט
אַ פֿאַרשטשעמעטן געשווייַג.

**2**

אַן עלטער מיידל,
אַ סעניאָריטע
מיט רויטע האָר,
אין אַ גרינעם סוועטער
אויף הויכע קנאַפּל
פּירט זיך אַרום
מיט איר געפּלעקטן הינטל
אויף דער קייט.

אין סקווערל דאָ זי גייט
צעפּלאַטערט
ווי אַ זומערווינטל,
ווי פֿאַרוועבט אין טרוים
און ס׳פּירט זי שטום
אַרום
אויף אַ קייט
די איינזאַמקייט

וואָס האָט זיך אָפּגעריסן
פונעם תליה־בוים.

3

די גאָרטנבענק
אויף דער גאַנצער לענג
שטייען
אויסגעשטעלט אין רייען.
די בענקלעך וואַרטן,
נישט בלויז דו —
אויך די איינזאַמקייט
זאָל זיך צוזעצן —
אַן אויסגעבענקטע
נאָך רו.

אויך איר קומט אַ חיי־שעה,
אַ ביסל פאַרגעניגן
פאַרוויגט צו ווערן
פון די שטערן
אויבן,
און אונטן —
פונעם טאַנגאָ־ניגון —
אויסגעשפּילט אויף אַ פּלייטל —
וואָס טראָגט זיך פון אַ קלייטל

פון מוזיק-אינסטרומענטן,
פליטן —
אַהער דאָ אין סקווערל
אויף פּלאַסע סאַן מאַרטין.

**4**

די איינזאַמקייט,
אַן אויסגעטועטע
פון די גרעלע פאַרבן,
פונעם פייַערדיקן
זונפאַרגאַנג —
שאַרט זיך,
שפּאַרט זיך,
גאַפט,
שטוינט און זוכט
זיך צוצוטוליען
צום חתן-כּלה-פּאָרל
אין ווינקל אויף דער באַנק —
אַנטקעגן דענקמאָל
פון גראָען גראַניט
באַדעקט געדיכט
מיטן גאָלדיק-גרינעם פּאַטין —
אויף פּלאַסע סאַן מאַרטין.

## גליק

גליק.
ס׳פּײַפֿט אין הויז דער ווינט.
ס׳ליגט
אויפֿן שוועל דער הונט.
די קאַץ זיצט אויפֿן פֿענצטער,
די שטוב איז אָן אַ קינד —
בלינד
און שטום
און טויב.

אין דער אָפֿענער גלאָזטיר
זיצט די פֿרוי,
שעפּטשעט עפּעס פֿרום,
קוקט אַרום פֿאַרטראַכט
צום
דרויסן, אין אַרום.

טעג
לויפֿן, ווי די סטײַעס וועלף.
די שרעק
לויפֿט פֿאַרויס
און שרײַט: — העלפֿט!

ס'שלעפּט זיך די נאַכט —
אַ קראַנקע שוואַרצע קראַ.

אין באַר אויפן ראָג
שפּילט אַ קלעזמער,
גרימפּלט אויף אַ פידל,
אַ פּאָרל בײַ אַ טישל
מיט װײַן אין גלאָז —
זיצן צוגעטוליעטע
און רעדן לאַנג.
װעגן װאָס אַזוינס
האָבן זײ צו רעדן
אַזױ פיל?
צי האָבן זײ זיך נאָר װאָס
דאָ אין באַר באַקענט?
ער זופּט פּאַמעלעך פונעם גלאָז.
באַלד נעמט ער אָן איר האַנט,
פאַרדריקט זי אין זײַנער,
װי אין מורא אַז זי זאָל
נישט לאָזן אַליין דאָ שטײן,
זיך אויפהייבן און פון אים אַנטלויפן,
אים לאָזן אַליין.

ער קוקט פאַרליבט אין אירע אויגן
וואָס נעפּלען זיך פאַרטרויערט, באַנג.

דאָס ליכט, וואָס פאַלט פון וואַנט אויףביידע,
גיסט זיי אָפּ די פּנימער אויף ראָז.
דאָס פּאָרל טרינקט דעם ווייַן פון גלאָז.
ער אַ זופּ און זי אַ זופּ,
ער אַ זשליאָק און זי אַ זשליאָק.

ס׳איז קורץ דער טאָג
און לאַנג די נאַכט.
ס׳איז שווער צו זייַן אַליין אין הויז.
זיצט די פרוי
אין דרויסן פאַרן הויז אַליין,
זיצט און טראַכט.
אַ שטייגער וועגן וואָס ?
וועגן אַזאַ ליבענאַכט,
אַ נאַכט מיט ווייַן אין גלאָז,
צעהיצטע בלוטן
אויפגערוישט פון זינד,
ווי ס׳פּאָרל דאָרט אין באַר אַצינד —
אַ נאַכט פון רויש
און גליק.

## צוויי ביימער

אויף אַ פּלאַסע בײַ נאַכט
שטייען צוויי ביימער פאַרטראַכט,
איינער העכער פון צווייטן.
דער קלענערער דיקלעכער בוים
שטייט נאָנט בײַ דער זײַט אים,
אַ צוגעטוליעטער צום גרויסן הויכן בוים
וואָס שפּרייט זײַנע מעכטיקע צווײַגן
אין ערנסטן שווײַגן.
זײַן שאָרך הערט מען קוים.

דער הימל איז שוואַרץ
מיט וואָלקנס פאַרצויגן.
באַלד שפּאַלט זיך דער הימל
מיט בליצן און דונערס.
די פייגל אין נעסטן
פאַררוקן די קעפּלעך
אונטער די פליגלען.
פאַרטוליעטע זיצן די פייגל
און רוען.

אונטן בײַם בוימיקן שטאַם
רוישט די שטאָט אין געקאָך,
ווי ס'וואָלט דאָרטן פאַרטויבט
געווילדעוועט אַ שדים־טאַנץ.
פון ווײַטן דערטראָגט זיך אַהער
דער רעדער־געטראַסק פון אַ באַן.

דער נידעריקער בוים
רײַסט איבער ס'שטאַרע שווײַגן
פון זײַנע קרעמפּע צווײַגן:
— מע זאָגט, אוי, וויי, אַמאָל,
שוין הונדערט יאָרן באַלד
איז דאָ געוואָקסן אַ גאַנצער וואַלד.
ווי דו זעסט, מיר ביידע,
איך און דו,
זענען דאָ די איינציקע געבליבן.
די לעצטע ביימער צוויי
פון גרויסן און געדיכטן וואַלד —
די לעצטע עדות.
מײַנע וואָרצלען אונטן,
אונטער דער ערד,
צונויפגעפלאָכטן זענען פעסט
מיט דײַנע.

איך וויים נישט צי דו ווייסט
באַנעמען מײַנע רייד.
פאַרמישפּטע מיר זענען
צו ווערן פרוכנע
שטייעדיקערהייט.

אויפגעכאַפּט האָט זיך אַ שטורעמווינט,
צעהוידעט און צעוויגט די ביימער,
וואָס שטייען אויף דער פּלאַסע,
ווי אַרומגעכאַפּט פון אימה,
און ס׳דאַכט זיך זיי —
נישט קעגן נאַכט געדאַכט —
אַז בלויז זיי ביידע,
וואָס האָבן דורכגעמאַכט
שוין היץ און קעלט
נאָך אַ מבול־שטורעם,
וואָס איז דורכגעגאַנגען
מיט הונדערט יאָר צוריק,
געבליבן זענען ביידע דאָ אין צווייען —
איינציקע צוויי ביימער אויף דער וועלט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## היט דעם טאָג!

היט דעם טאָג
ער זאָל דיר נישט צערונען ווערן
אונטער די הענט.
ניץ אוים זײַן שײַן
וואָס גיט אַרײַן
זײַן לעבנזאַפט
אין מענטש, בעל־חי און בוים.

ער קומט נישט אַזוי גיך,
דער שיינער טאָג.
ערשט נאָך אַ לאַנגן וואַנדערוועג —
דורך הימל, נאַכט און שטערן
גייט ער אויף פאַר דיר, אין דיר.
און איידער וואָס און ווען,
באַוויַיזסט זיך נישט אַרומצוקוקן —
ער קײַקלט זיך אַרונטער
אויף יענער זײַט מויער
פון פרייד און טרויער.

ס׳פאַלן שאָטנס —
צווישן פונעם טאָג —
וואָס ווערן ווי פאַרפאַלן,
ערגעץ ווייַט
אין דער אויסוועגלאָזער נאַכט,
אין אין־סוף פון דער צייַט.

היט דעם טאָג!
דו טאָרסט עס נישט פאַרגעסן:
אַקערסטו אין פעלד —
האַלט דעם אַקער־אייַזן פעסט.
אין דער מיטאָג־שעה —
לאָז איבער אַלצדינג מיט אַנאַנדער
און זעץ זיך עסן.
און טוט דיר עמעץ שלעכטס —
זייַ מוחל, פאַרגעס!

היט דעם טאָג!
פאַרטאַכלעווע נישט דייַנע שעהען
אויף קלייניקייטן,
אויף קליינלעכקייטן,
אויף גאָרנישט.

ווייס,<br>
נאָך איידער ער קומט אַרויס<br>
דער אויסגעבענקטער טאָג<br>
מיט זײַן ליכט<br>
און רעגן־־בויגן־פאַרבן<br>
פון אַלע פינצטערנישן,<br>
פון אַלע גראָען —<br>
נייגט ער שוין זײַן קאָפּ<br>
צום אײַליקן פאַרגיין<br>
אין אַלע נישטאָען.

## מיין קדיש

**מײַן יונג־אָנגעווירענעם**
**זון יעקב**

יתגדל ויתקדש שמה —
כ׳וועל מער נישט וועקן דעם וויי.
אפשר וועט דער ווייטיק אַזוי
אײַנשלאָפן אויף ס׳נײַ.
ס׳מוז דאָך נעמען אַ מאָל אַן עק
צום טרויער אָן אַ ברעג
וואָס איז אויסגעשפּרייט אין מיר,
ווי אינעם יאָמערטאָל
פון מענטשלעכן פאַרגיין.

איך טרײַב פון זיך אַוועק
דעם צער וואָס טריפט
ווי חלב־טראָפּנס
פון יאָרצײַטליכט.
דער ווייטיק אָבער
פון אַ יונג־פאַרשניטן קינד,
ווי אַ בלוטנדיקע וווּנד
שטעקט אין האַרץ מײַנס טיף.

וועל איך אַקעגן טראָגן
פון יענער זייַט קלאָגן
ווען ס׳איז
אַ שמייכל ביטער־זיס,
אַ שמייכל דורך טרערן.

ווי נאָך נאַכטשטורעם און רעגן
גייען ווידער אויף
אויפן הימל די שטערנס,
מוז דאָך אויך דאָס לעבן
וויַיטער גיין זייַן וועג
איבער שטרויכלשטיין
און דערנער שטעכיקע פון פּיַין.
ווי קען עס גאָר געמאָלט זייַן
ס׳זאָל אַנדערש זייַן? — —

— — — — — — — —

און ווידער וועלן איַיליק
זיך אויסלייגן די טעג
ווי אַ טעפּיך אויף מיַין וועג,
זיי וועלן — איינער נאָכן צווייטן —
גיין און גיין אין ריי.

און ווי אַן ערב פרילינג שניי
וועט אויך דער וויי
מיט די טעג
און מיטן ווײַסן שניי
צעגיין, צעגיין.
ניין!
דער וויי וועט נישט פאַרגיין!
אויך די טעג,
וואָס קומען מיר אַקעגן אויפן וועג,
וועלן גיין און גיין
מיט פרייד און טרויער
און זיך אָפּלייגן אין שיכטן,
ווי ציגל אין אַ מויער,
אין דער מויער פון צײַט —
אַן אָפּשטעל, אַן אויפהער,
נאָך אַנאַנד — כּסדר,
אַ מאָל אין באַלקליידער
און טייל מאָל אין טרויערקליידער.
און מיר,
די אומבאַהאָלפענע,
הילפלאָזע און מאַכטלאָזע —

מיר גייען נאָך נאָך זיי
אין אַ לאַנגער, לאַנגער ריי —
טריט נאָך טריט
מיר גייען אין שפּאַן,
אין שפּאַן פון דער צײַט,
אָט אַזוי ווי אויף אַ שטריק.

נישטאָ פאַר קיינעם קיין צוריק
צו די טעג
וואָס זענען אַוועק
אויף זייער אויסגעטראָטענעם וועג.

מיר טראָגן מיט זיך מיט
אי גליק, אי פרייד,
אי לייד, אי צער,
ווי גוטע רייד
פון טרייסט — אַ סך
און אין געזעמלדיק געשפּאַר —
אַ „זײַט באַהיט פון צער".

## מיין תפילה

**אסתּרס אָנדענק**

### א

פאַר וואָס אוי, גאָט,
האָסטו געשיקט דעם טויזנטאויגיקן
צו דערשטיקן ס׳טײַערסטע, אָן אַ וואָרט.
הלוואי וואָלט ער זיך טועה געווען
און מיך גענומען אויף איר אָרט.

גאָט, מײַן גאָט!
וואָס האָסטו געהאַט צו איר?
איך וואָלט געטרײַ דיר נאָכגעגאַנגען
נאָך דײַן שטים אין מיר —
טראָט נאָך טראָט...
כ׳גיב דיר מײַן הייליק ערנוואָרט,
כ׳וואָלט פאַר ליב גענומען
דײַן גזר־דין
ווען דו וואָלסט מיך, אַנשטאָט זי,
פון דער וועלט צוגענומען.
אַהין אין די הימלען צו זיך.
וואָס קען נאָך גרעסער זײַן די שטראָף
צו לאָזן מיך אַזוי ווי כ׳בין —
אָן עלנטן, אַליין,
אַליין מיט מײַן פאַרשטיקט געוויין.

## ב

פאַר וואָס האָט מיך דער גורל,
ווי אַן אַכזר, אויסגעמיטן.
אַנשטאָט איך זאָל פאַלן
איז זי אַוועקגעפאַלן,
ווי פאַרשניטן,
ביַי דער טיר,
אין סאַמע מיטן
פונעם לעבנגאַנג,
אין מיטן אויסזינג
פון איר פרום געזאַנג.

און מיך האָסטו פאַרמישפּט
צו איינזאַמקייט,
צו זיַין אַליין.
די גאַנצע גרויסע וועלט
איז איצטער איַינגעשרומפּן,
קליין פאַר מיר,
נישטיק און קליין.

ג

און איך אַליין בין קלענער נאָך פון קליין.
פון וואַנען קוואַלט אין מיר אַ קוואַל,
אַ קוואַל פון אויפגערודערטן טרויער?
מײַן טרער פון פּײַן,
מײַן פּײַנגעוויין
פאַלט, ווי אַ טײַך, אַרײַן
אין טרערן־ים.

איך בין געבליבן איצט אַליין
אַ טרוקענער, אַ הוילער שטאַם.
דײַן לעבן איז מיט מיר געווען
אַפילו אָן אַ פּגם —
אַ לויטערס און דערהויבנס —
אַן אָרעאָל פון שטראַלן.
און מיט אַ מאָל ביסטו
געגאַנגען מיר פאַרפאַלן,
אַרײַן אין אָפּגרונט פון פאַרפאַלן
און מיך געלאָזן —
אַן אויסגעטרוקנטן קוואַל —
בײַם ברעג פון תהום —
נישטאָ פאַר מיר מער קיין צוריק.

## ד

איך זע דיך דאָ און דאָרט,
באַווייַזסט זיך מיר אין יעדער אָרט.
איך הער דייַן שטים,
דו רעדסט צו מיר
אַזעלכע וואַרעמע רייד
וואָס פילן מיך אָן מיט פרייד.
דו ווייַזסט מיר אָן
וואָס אַלץ ס'איז גוט פאַר מיר,
וואָס כ'זאָל טון און וואָס נישט טון.
איך זוך אַן אָרט
וווּ זיך צו באַהאַלטן מיט מייַן וואָרט
פאַר מיר אַליין,
וווּ צו אַנטלויפן פון מיר אַליין,
ווערן אייַנגעשרומפּן, קליין
און אייַנגיין, אייַנגיין
ביזן אויפלייזן זיך אין גאַנצן,
אויפהערן זייַן.

## דער קרישטאָלענער וואַזאָן

**אסתרן — לזכּרון**

דער קרישטאָלענער וואַזאָן
וואָס שטייט אַ בלענדיקער אויפן טיש,
שטראַלט און שײַנט מיט בלומען פריש.
די באַלעבאָסטע פון דער שטוב,
נאָכן אַרומווישן די בילדער אויף די ווענט,
האָט אים יעדן טאָג גענומען אין די הענט
און פאָרזיכטיק געלאָסן אַרומגעווישט.
אויך ס'טישטעך, דאַכט זיך איר, איז פאַרשטויבט.
און גלײַך אַ וויש אַהין, אַ וויש
אַהער — דעם שטויב אַראָפּגעשטויבט,
און ס'שפּיגלט זיך אין זונשײַן דער וואַזאָן
אויפן בלאַנקעדיקן, אייביק יום־טובדיקן טיש.

דאָך ווײַזט זיך איר אַלץ אוים,
דער באַלעבאָסטע פונעם הויז,
אַז עפּעס האָט נאָך, מן־הסתם,
דער וואַזאָן אויף זיך אַ פּגם.
נעמט זי אים אויף ס'נײַ אַראָפּ פון טיש,
גיט אים דאָ און דאָרט אַ וויש,

צוריק געשטעלט אים אויפֿן טיש,
ער זאָל די גאַנצע שטוב באַשײַנען.

די באַלעבאָסטע פֿלעגט אָפֿט מײנען,
טאַקע זיכער זײַן דערין:
מע דאַרף אַ חפֿץ אָט אַזאַ מין,
ווי אָן אויג אין קאָפּ, עס היטן,
ס׳זאָל זיך נישט, חלילה, איבערקערן,
דער וואַזאָן זאָל נישט צעבראָכן ווערן.

ביז אין אַ טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט
אַ שווערער וואָלקן טרויער אויף דער שטוב.
קורץ איז דאָך, ווי ס׳קלוגע ווערטל זאָגט,
דער לעבנוועג פֿון מענטש — אַ קלאָג! —
איין שפּאַן, נישט מער, וואָס פֿירט
פֿון שטוב זײַן ביזן גרוב.

און ס׳שטייט דער בלומוואַזאָן
דאָרט ווו ער איז געשטאַנען ביז אַצינד
אויבן אָן, אין מיטן, נאָר אַ מאַטער אויפֿן טיש.
די געטרײַע האַנט באַרירט אים מער שוין נישט.

זי גיט אים שוין נישט דאָ און דאָרט אַ גלעט, אַ וויש
און ס'לייגט זיך אָפּ אויף אים דער שטויב.

פון דער אומהיימלעכער פאַרצערטער שטילקייט דאָ
אין שטוב איז נאָר צו ווערן אַזש פאַרטויבט.
ווּ איז די באַלעבאָסטע ווּ ? די גוטע טויב
אַוועק, אויף נישט צוריק אומקערן זיך אַהער.

ס'באַפאַלט אַ שרעק דאָס געבן בלויז אַ קלער,
אַ תהום האָט זיך געעפנט איבער נאַכט
איינגעשלינגען פרייד און גליק און זיך פאַרמאַכט.
און טראָג דעם זאַק אַבלות אויף די פּלייצעס, טראָג !
פאַרלאָפן שוין אַ טאָג, אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג.
אַליין נעענטער פירט צום אונטערגאַנג דער שפּאַן
וואָס פירט דיך שיף־אַראָפּ צום סאַמע ראַנד.

ווּ איז די גוטע, די געטרייַע האַנט ?
ווּ איז די באַלעבאָסטע, וויי, ווּ איז זי איצט ?
פאַרפאַלן ווּ געוואָרן, ווי דער שניט פון בליץ.

פֿאַרשטאַרט, פֿאַראָבלט שטייט איצט אויבן אָן
דאָ אויפֿן טיש דער אָפּגעלאָזענער וואַזאָן:
ער האָט נישט וועמענען דאָס הארץ דערפֿרייען
ווי קאָן ער שוין אָן אָבל־שטוב באַשיינען?
צי זאָל ער זיך פֿון ווייטיק, צער — צעשרײַען,
אָדער ווי אַ קינד — זיך צעוויינען אויפֿן קול
אויף דעם וואָס אַלץ וואָס גוט און שיין איז
געהערט שוין דער פֿאַרגאַנגענהייט, דעם נעכטן, דעם אַמאָל.

פֿאַר וואָס איז אים פֿון גורל אָט אַזוי באַשערט
אַז ער זאָל ווײַטער בלײַבן ס׳שײַנדל פֿון דער שטוב,
און זי, וואָס ער איז איר קלענסט פֿינגערל נישט ווערט,
זי זאָל ליגן אין פֿאַרהוילעניש, אין דער קבֿר־ערד,
וואָס האַלט זי אין דער טונקלער קלעם וואָס דריקט און שווערט.

אַז ווייַ און ווינד וואָס ס׳איז פֿון איר געבליבן, הערט!
ס׳איז נישט צום גלייבן אַז געבליבן איז נישט מער —
אַ וויסט און עלנט לענגלעך אָנגעבערגלט ביסל ערד.

# אַליין

אַלע פּײַנען און געוויינען,
אַלע צערן און יסורים
האָבן נשמות אַלערליי.
דער אויסזען פון יעדער לייד,
פון יעדער טרויער, קוועל און וויי
איז אַנדערש אין דער פרי
און אַנדערש אויף דער נאַכט
ווען דו ביסט מיט זיך אַליין.

אַנדערש איז דער עלנט
אויפן גאַס אין טומל און געווימל
אונטער אַ שטראַליקן בלאָען הימל.

און אַנדערש — אין דער שטוב,
ווו ס'האָט אַמאָל געגעסטיקט
ליבע, שמייכל, צערטלעכקייט און פרייד
וואָס איז געוואָרן מיט אַ מאָל —
אָפּגעהאַקט, ווי ס'ווייכע מילדע קול —
אָפּגעשיידט.

מיט יום־טוב איז די שטוב אַמאָל
געוועזן דאָ אויסגעפּילט:
אַ קינד, און אייניקל האָט דערפילט
דעם טעם, דעם זיסן־ביטערן פון זײַן אַ ייִד
אין שײַן פון אָנגעצונדענע, צעפלעמלטע
שבת־יום־טוב־ליכט אין די שפּאָרערס
פונעם זעקסערערנדיקן שבת־לײַכטער
אויפן ווײַס־געדעקטן טישטעך.

איצט בין איך אַליין
און איבעריקער אין מײַן היים.
אָט גיב איך אַ קוק,
איך כאַפּ אַ בליק:
וואָס שטייט דאָ? וואָס הענגט דאָרט?
אין שטוב איז איצטער גרויס.
ווער דאַרף די איבעריקע מעבל,
די סאָפע, די וויגשטול,
די צושפּאַרבאַנק —
ס'איז אַלצדינג איבעריק אַצינד,
ווי איך אַליין —
איך האָב זיך נישט אין דער גערוימקייט
וווּ אַהינצוטון.

קיינער טרעט נישט איבער מײַן שוועל,
קיינער קומט נישט,
קיינער רופט מיך נישט ווו צו גיין,
כ׳בין אָפּגעשניטן פון אַרום —
אַן אויסגעמעקטער
פון ספר הזכרון,
אַ פֿאַרגעסענער אויף אַן אינדזל,
אויפן אינדזל פון דער איינזאַמקייט.
אַזוי פֿאַרגייט אַ טאָג
און נאָך אַ טאָג פֿאַרגייט.

יעדער פּײַן און וויי
האָט אַן אַנדער פּנים
מיט זײַן שטום געשריי —
נשמות אַלערליי
וואָס צאַנקען, ציטערן און צאַפּלען
מיט זייער פלעמלדיקן שײַן,
און רינגלען דיך אַרום
ווען דו ביסט אַליין
צווישן די פיר ווענט בלויז
פון דײַן אויסגעליידיקט הויז.

משה־בינעם לעדערמאַן

## ערב שטורעם

די פייגל טוליען זיך און וואַרטן אוים אין שוויַיגן.
די קוואַקע שפּרייט די פליגלען אירע
און פאַרדעקט מיט זיי די הינדלעך.
ס׳שטאַרן אויפן בוים די אויסגעשטרעקטע צוויַיגן,
די וואָלקנס וואַרפן שאָטנס אָן פון שרעק.

דער געלער דאַרער הונט
פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל,
פאַרגראָבט די מאָרדע צווישן זיַינע צוויי
געפלעקטע לאַפּעס,
ביז ס׳ווערט אין די ווינקלען טונקל.

דער פויער איַילט פון פעלד צוריק אַהיים
מיט אומרו, זאָרג פאַר אַלץ וואָס בליַיבט איבער
אויף הפקר אינעם שיַיער, אויפן פעלד.
די בינען איַילן גיך צום בינשטאָק ווי אין פיבער
מיט זשומעריַי זיי ציילן זיך: ווער פעלט?
דער וויַיסער האָן צעפּאָכט די פליגלען זיַינע
און פאַרריַיסט דעם שאַרפן שנאָבל, הייבט אָן קרייען.

די שוואַלבן האָבן זיך אין נעסט פאַרשטעקט.
די קינדער גיבן זיך אַ לאָז מיט רעש, געשרייען
און שטעקן אָן די קאַטשקעס מיט דער שרעק.

די ביימער — איינער פונעם צווייטן ווי דערוויטערט —
פאַרטראַכטע שטייען מיט די שפּיצן־קרוינען
און איבער זיי די וואָלקנס — פולע אייטערס —
ציִען זיך פאַרביי — אַזעלכע שווערע, ברוינע,
גראָע — דראָען אויסצוברעכן אינעם שטורעם
וואָס וועט אָט באַלד זיך טון אַ טראָג, אַ לאָז אַרונטער.

ס׳באַווייזט זיך מיט אַ מאָל אַ מאָנסטער־וואָלקן אויבן,
אַ ריזנקאָפּ, אַן אָפן מויל — אַ חושכדיקער תהום.
מיט שוואַרץ געפּלאַטער פאַלן וואָלקנס־אָדלערס אָן און רויבן — —
און ס׳גיט זיך אַ פאַרמאַך דער שוואַרצער תהום פון דעם אַטאָם.

## מיין שכן

מײַן שכן מיט די וואָנסעס,
אַרונטערגעדרייט אויף אַראָפּ,
איז אַ מכנים־אורחניק, האָט ליב
צו פֿאַרברענגען אָפּט מיט געסט
בײַ זיך אין שטוב.

ווען ס׳קומט ווער צו גיין —
אַ פֿרײַנד פֿון זײַנע פֿרײַנד —
לויפֿט ער, גיט אַ כאַפּ אַ הינדלעך צוויי
און אַזוי, אין דער גיך — איינס און צוויי —
ער גיט זיי די גערגעלעך אַ פֿאַרדריי,
טוט מיט זיי וואָס מע דאַרף.

ער דאַרף נישט קיין מעסער קיין שאַרפֿס.
גיט זיי ס׳קעפּל אַ פֿאַרבייג
און מאַכט זיי פֿאַרטיק מיט אַ דריק —
געקוילעט אָן אַ מעסער, אָן כיק־כיק.

ער טונקט זיי אָפּ אין הייסן וואַסער,
פליקט אָפּ די פעדערן די נאַסע
און די נעבעכדיקע נאַקעטע הינדלעך
שטעלט ער אינעם הייסן אויוון
אַרײַן — צום בראָטן.

די שטוב ווערט פול מיט רויך
בײַ גלעזלעך רויטן קרעספּי־ווײַן, —
ס׳געשיר — די גאָפּל־מעסער — פלעכט
אַ פרײַנדשאַפט צווישן זיך.
אין דער גיך
איינער שנײַדט, דער צווייטער שטעכט.
די זאַפטן רינען פון געבראָטנס
און דער ביסן איז גאָר נישט שלעכט.

נאָך דער אַכילה, נאָכן פרעס
דער גאַסט, חלילה, פאַרגעסט
נישט אָפּצודאַנקען, ווי ס׳פּאַסט
פאַר אַ גאַסט,
און אַ געזעטיקטער אַ פולער
גייט ער פונעם טיש אַוועק.

מייַן שכן ווישט זיך אָפּ די פּעטע ליפּן,
פֿאַררייכערט די לולקע,
לאָזט אַרויס די קנוילן רויך,
לענט זיך צו און כאַפּט אַ דרעמל
און נאָך דער אָפּרו־„סיעסטע",
נאָכן נאָכמיטאָג־דרעמל
שטייט ער אויף אַן אויסגערוטער
מיט פֿרישן כּוח.

פֿאַר נאַכט נעמט ער זיך
אַ שטיקל ווורשט,
געגליווערטן גאַלאַרעט,
געמאַכט אַליין פֿון אייגענעם חזירל,
געלאָזט דאָס בלוט אַראָפּרינען —
אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן.

נאָך פֿאַרן קוילענען
האָט ער צום חזירל גערעדט,
ווי צו אַ הונט מע רעדט —
ליבלעכע און גוטע רייד
און נאָך דעם אים אַוועקגעלייגט
אַ געשמידטן מיט אַ קייט.

געשניטן פרישע סאַלע.
געמאַכט מאַרסיזשע
פון געדיכטן בלוט —
דעם שוואַרצן בלוט-וווּרשט
וואָס ס׳האָט — לויט אים —
אַ טעם אַזאַ, ווי ס׳בעסטע מאַכל —
מיט דעם איז ער מהנה
זײַן גוטן פֿרײַנד
ווען יענער קומט צו אים צו גאַסט.

כאָטש מיר זענען ביידע
צוויי גוטע שכנים
זענען מיר ווײַט איינער פונעם צווייטן
כ׳וואָלט זיך קיין מאָל נישט געוואָלט
מיט מײַן שכן בײַטן.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַ וואַגאַבונד

אַ וואַגאַבונד, אַן אָפּגעריסענער
שטייט ביי מיין הויז און וואַכט.
ער שטייט האַרט לעבן טויער פאַרטראַכט.
ער רעדט נישט מיט קיינעם קיין וואָרט, שאַ־שטיל.
איך ווייס נישט ווער ער איז און וואָס ער וויל.
צי היט ער מיך אַליין בלויז, מיינע טריט,
ווען כ'גיי אַריין, צי ווען איך גיי אַרויס,
צי לויערט ער אויף מיין קאָפּ, גאָט באַהיט.

אומגעריכט דער וואַגאַבונד וואַקסט אויס
וואַקסט אויס פאַר מיר ווי פון אונטער דר'ערד.
דער קאָפּ צעשויבערט, נישט אויסגעשלאָפן.
דאָס פּנים דורכגעאַקערט, גראָ, פון
אַשיקן קאָליר, פאַרוואָלקנט בייז. די אויגן
קעצישע ווי פון אַ נעפּל גראָ פאַרצויגן.
די אויערן שאַרף אָנגעשפּיצטע ווי ביי אַ הונט.
ער פילט נישט ווי זיין פּנים בייטשט דער ווינט.

די שולקינדער, וואָס גייען אים פֿאַרביַי,
דערשרעקן זיך און גיבן אין אַ זײַט אַ שפּרײַ.
ווי קינדער הערן זיי וואָס ס'הערט נישט קיינער —
זײַן שטום געשריי, ס'געשריי וואָס ס'שרייען זײַנע קנאָכנביינער.

די קינדער קומען אָפּ מיט הוילער שרעק,
זיי לאָזן אים בײַם וואַנט און גייען גיך אַוועק,
ווי פֿון אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן, אַ פֿרעמדן הונט
און קיינער ווייסט נישט ווער ער איז, דער וואַגאַבונד.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַ כובילירט פֿאַרפֿאַלק

אויף יענער זײַט טראָטואַר
אַנטקעגן מײַן שטוב
זיצט אַן עלטער פֿאָרפֿאָלק
אין גראָען פֿאַרנאַכט
ווי פֿאַר אַן אָפֿענעם גרוב.

זיי זעען נישט מיך, זייער שכן
זיי זעען נישט קיינעם אַרום
בלויז זיך און זייער שאָטן
וואָס פֿאַלט אין דער קרום.

דער הײַנט, ווי דער נעכטן,
פֿאַרגייט פֿאַר זיי סתּם
אָן ריח און אָן טעם.

דער קרײַז שליסט זיך אַלץ ענגער.
געבליבן איז בלויז אַרום זיי,
פֿאַר זיי —
נישט מער ווי אַ שפּאַן.

ער קוקט פֿאָרויס,
פֿאַר זיך,
אין דער ווײַט.
זי נייט און זי שווײַגט —
אַ רענדל אַ וואָרט.
זי פֿאַרלאַטעט זיך ס׳קלייד
און פֿאַר איין וועגס
פֿאַרלאַטעט זי אויך
שוין די צײַט.

אין גראָען פֿאַרנאַכט
אַנטקעגן מײַן שטוב —
אַן עלטער פֿאָרפֿאָלק
זיצט שטום און פֿאַרטראַכט
ווי פֿאַר אַן אָפֿענעם גרוב.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַ צווילינגבוים

די גאַס ליגט אָנגעשפּאַנט אַקעגן שטורעם
וואָס בושעוועט מיט אַ שטאַרקער האַנט.
די ביימער זענען גרייט אויפצונעמען די שלאַכט
נאָך פאַרן אָנקום פון דער נאַכט.
אַ דונער האָט זיך דורכגעקייקלט
מיט רעש און האַרמידער
און באַלד נאָך אים האָט זיך אַ בליץ
אַדורכגעטראָגן און באַלויכטן העל
דעם ביימערשן צווילינג-ברידער,
דעם צווילינגדיקן נאָדלבוים —
צוויי ביימער מיט איין שטאַם
און ס'פייַער פונעם בליץ
האָט זיי ווי מיט אַ האַק
אַ פייַערדיקע — דורכגעשפּאָלטן.

איז איין טייל בוים געבליבן שטיין
מיט אַלע זייַנע צווייַגן.
די צווייטע העלפט ליגט אויסגעצויגן
מיטן גרינצעצווייַגטן קאָפּ
אויף אַ שטיין.

צוויי צווײַגן — אַ צווילינג פון איין שטאַם
געזויגן זאַפט בײַ נאַנד,
איצט זענען זיי צעצווײַגט,
אָפּגעטיילט, צעשיידט,
אָפּגעשפּאָלטענע.
איין בוימצווײַג שטייט,
אָטעמט און וויברירט מיט לעבן
מיט נעדעלעך ווי ציטער־שפּילקעס —
זאַפטיקע צעגרינט
און וויל גרייכן
מיטן שפּיץ די הייכן,
דעם אויסגעלײַטערטן בלאָען הימל.

דער צווייטער צווײַג ליגט אויסגעצויגן
אויף דער ערד
און פילט, ווי ער ווערט
באַקראָכן פון די ווערעם.
דער שטאַם צעבלוטיקט שרײַט,
די זון ווי פײַער — רויט
אַרויפצו ווײַט
בײַם האָריזאָנט
פאַרגייט.

## דריי ווייבער

דרײַ ווײַבער זיצן אויף אַ באַנק.
אַ ווינטל גלעט זיי ס׳פּנים באַנג.

פֿאַרדריקט האַלט איינע ס׳וואָרט אירם צווישן ציין.
די צווייטע טרויערט מיטן זונפֿאַרגיין.

די דריטע האַלט די ביינערדיקע הענט
ווי צווײַגן קרומע אויסגעדרייט — געווענדט

צו זיך אַליין — אין צער פֿאַרבראָכן.
אין הימל האָט אַ שטערן זיך פֿאַרשטאָכן.

## די זיקנא

דער שווערפּיסיקער קלאַוויר
שטייט אַ גלאַנציקער,
אַן אויסגעפּוצטער,
אַ חשיבותדיקער,
אַ יוסטער.

באַרירט האָבן זײַנע קלאַווישן
די פֿינגער איידעלע
פֿון קינדער און קינדסקינדער.
און איצט —
ווען ס'ליגט דער שטויב געדיכט —
נישט אָפּצווווישן —
איצט שפּילט אויפֿן פּיאַנאָ
אַ שאָטן,
אַ שאָטן וואָס באַוועגט זיך
אַ צעוויגטער,
ווי די שווערע גאַרדינען
פֿון אַ ווינטל
לײַכט צעציטערט.

די שטילע ציטערדיקע טענער
האָרכט די זיקנא.
די שאָטנהענט
באַוועגן זיך
ריטמיש
צום טאַקט פון ליד
וואָס ס׳שפילט איצט אוים
די בענקשאַפט
נאָך פאַרגאַנגענע
פריילעכע
זאָרגלאָזע
יונגע טעג.

די קנאָכיקע הענט
פון דער זיקנא
כאַפן אויף די „אויגן״
מיט די שפיזלען
פון דער צייַט.
די זיקנא שטריקט און שטריקט.
וואָס שפיזלט זי, די עלטער —
אַ קלייד
פון לייד?

אַ שאַל
אויף אַ באַל?
צי גאָר אַ שטריק,
אַ פּעטליע
פאַרן האַלדז?

די מעוברתדיקע
גראָ־געפּלעקטע קאַץ
ליגט ביי אירע פיס
אומבאַוועגלעך, אויסגעצויגן,
מיט אירע בורשטינענע אויגן —
פאַרקוקט אַ צעבלענדטע
ווי ס׳ליגט דער טאָג
פון דער זיקנא
אַוועקגעקוילעט.
און ס׳פאַלן, ווי בלומען פון טרויער,
די לעצטע אַקאָרדן
פון שאָפּענס טרויערמאַרש
אין טיפן באַדויער.

משה־בינעם לעדערמאַן

## צוויי ציפּרעסן

צוויי ציפּרעסן,
ווי פֿאַרגעסן
פֿון דער וועלט,
וואַקסן שטאָלצע
בײַ מײַן שכנס הויז.
פֿייגל זינגען אין אַ כאָר
אַראָפּ פֿון די ציפּרעסן,
שפּרייטן שלווה,
זינגעווודיקע רו
אַרום
דעם הויז.

בײַ טאָג
קומט אָפּט צו גיין די זון
און בײַ נאַכט
קומט אָפּט צו גיין די לבנה —
צוויי ליבע געסט —
צו גאַסט
אויף די שפּיצן ביימער
פֿאַרן שכנס הויז.

די צוויי ציפּרעסן
שטרעקן זייערע צווײַגן אויס
אַרויף אין הייך.
אין זייער שטאַם
ריזלט זאַפט און כּוח
וואָס סטײַעט פאַרן בוים
און פאַר די צווײַגן אויך.
און זיי וואַקסן
הויך אַרויף,
גאָר הויך.

אַ מאָל
אין אַ פאַר נאַכט
האָבן גערטנער־הענט
די ציפּרעסן —
איינעם אויפן אַנדערן
פאַרלייגט די קרוינען־שפּיצן,
פאַרפלאָכטן
און פאַרבונדן זיי,
מיט דראָט פאַרדרייט,
און די צווײַגן —
ברייט פאַרשפּרייט —

אַרומגעשניטן
אַרומגעהאַקט,
געמאַכט,
ווי איבערנאַכט,
פון ביידע ביימער —
אַ פאַראַדנעם טויער.

איצט שטייט דאָס הויז,
ווי אַ מעכטיקע מצבה,
אַ מצבה אַ גיגאַנט
און בײַ דער וואַנט
די צוויי ציפּרעסן —
פאַרפלאָכטן אין איינעם,
איבערגעבויגן אין טרויער,
ווי אַ פײַערלעך טויער.
ווען ס׳זעט נישט קיינער פון די שכנים —
די צוויי ציפּרעסן
וויינען, וויינען.

## זון און שאָטן

דער פרימאָרגן
קלאַפּט אָן אין מײַן טיר :
— כ׳פאַרבעט דיך
צו זײַן הײַנט מײַן גאַסט.
— גאַנץ שיין, גאַנץ פײַן און גאַנץ ווויל —
ענטפער איך אים האַלב אין שפּאַס.

באַלד קומט זי, די זון אָן צו גיין
אין גינגאָלד געקליידט ווי עס פּאַסט.
דער שאָטן פאַרשאָטנט איר פּראַכט.
זיי קאָנען נישט לעבן בײַ נאַנד
און ס׳לייגט זיך דער שאָטן בײַם ראַנד.

ווי נאָר זי באַווײַזט זיך, די זון
ווייסט שוין דער שאָטן דערפון
און שאַרט זיך פאַרשעמט בײַ דער וואַנט,
וואַרט אָפּ ביז דער טאָג נעמט פאַרגיין.

און טרויעריק לייגט ער אַוועק
זיך איבער דער ברייט פונעם וועג
און ס׳טריפן פון אויג זײַנס טראָפּנס פײַן
באַשטראַליקט פון זוניקן שײַן.

משה־בינעם לעדערמאַן

## דער עפּלבוים

דער עפּלבוים שטייט בײַ דער מויער
און שטיקט זיך אין ענגשאַפט פון ווענט.
די צווײַגן צעקרומט ווי אין טרויער
מיט אַ תּפילה בלחש פאַרקלעמט.

דער ווינט קאָן דעם בוים נישט צעטרייסלען.
דער רעגן גיט כּוח צו וואַקסן.
ער טוליעט זיך צו צו די הײַזלעך —
אין שטויבן, אין רויכן, אין שלאַקסן.

ער האָט זײַנע פרוכטן געגעבן — —
די זאַפטיקע רויטע אַפּאָרטן.
איצט נעמט אים דער האַרבסטווינט פאַרוועבן
אין אָפּוועלק, ווי ס׳בוימוואַרג אין גאָרטן.

דער עפּלבוים שטייט איצט פאַרשטאַרט,
געהילט אין וואָלן פון עלנט.
ער חלומט פון פרילינג און וואַרט
צו זען זיך צעבליט אויף די שוועלן.

## דער רויש פון טאָג

דער רויש פון טאָג פאַרגייט.
צוזאַמען מיטן טאָגליכט טראָגן
די פייגל גיך זיך אָפּ אין נעסטן,
און שטילערהייט אַ גוטע נאַכט זיי זאָגן.

אומגעריכט פאַלט צו אין שטאָט די נאַכט
וואָס ס׳האָט דער טאָג זי דאָ אַהער געבראַכט.
דער הימל וויינט מיט גרויסע גרינע שטערן
נאָר קיינער וויל דעם הימל מער נישט הערן.

אין אַזאַ נאַכט, ווען ס׳שטאַרן שטום די צווײַגן,
ווייסן שוין די אַלטע אַז זיי דאַרפן שווײַגן
און קינדער וואָס דער טומל איז זיי אייגן,
די קינדער ווילן זיך נישט שלאָפן לייגן.

## אַ טרער

אַ טרער,
ווי אַ טראָפּן פון ים —
צי ווייסט עס נישט ווער
אַז אַ טרער איז געזאַלצן
און קומט אויף דער וועלט
נישט אַזוי זיך, סתם —
אַ טרער ווערט געבוירן
אין שטורעם,
אין פּיַין און אין צאָרן
אין אויפגערודער.

וויים, ברודער,
פון די
און פון אַזוי פיל
אַנדערע,
עלנטע טרערן
איז פול שוין געוואָרן
דער ים.
איך הער,
יעדער איינער קאָן הערן,

דעם שטורעם־גערויש,
דעם אויפברויז
און כוואַליעדיקן געשטוים
פון ים —
אין אַן איינציקער טרער
וואָס פאַלט
אַראָפּ פונעם אויג
און באַוויינט
דאָס אייגענע
לײַב און לעבן
מײַנס.

עס טרעפט זיך אָפט
אין וואָר
און טייל מאָל
אויך אין שלאָף —
וואָס ס׳קען זיך אַלץ נישט טרעפן! —
ווען ס׳ווערן
דיר איבעריק די טעג,
און פּלוצעם

גיט זיך אַן עפֿן
דער שליוז פֿון די טרערן
און אַלץ ווערט דיר פֿרעמד
אַפֿילו דאָס אייגענע העמד
און אויבעט די שטאָט
ווו דו שטעלסט
אי זיכער
אי אומזיכער
דײַן טראָט.

פֿאַר דײַנע מידע פּים
לעשט זיך דער טאָג
אומעטיק באַנג,
שטום און וויסט.
דײַן שאָטן,
און נישט בלויז דײַנער,
אַלע שאָטנס
ווערן פֿאַר דײַנע אויגן
לאַנג
און לענגער,

— אויסגעצויגן
אַ מאָל גלײַך
און אַ מאָל קרום,
געבויגן.

עס ציטערט־אויף
אַ טרער
אין אויג
און גיט אַ פאַל אַרונטער
— אין אָפענעם ים
אויף מער
נישט צום געפינען
און די זון
און אַלע דײַנע זונען
גייען אונטער.

## אַ פריילעכס

די האָפענונג און פרייד —
געפּאָרט, דער צווילינג גייט.
פאָרויס די פרייד גייט גראָד.
די האָפענונג מאַכט אַ ראָד.

דריי זיך, דריי זיך, דריי,
פאַרהיל זיך מיט דער פרייד,
פאַרגעס אין מענטש, אין וועלט,
די פרייד דעם צער פאַרשטעלט.
פאַרפלאָכטן האַנט אין האַנט —
אַ ריקודל, אַ פריילעכס!
אַ טענצל וואָס דערמאַנט
אין זאָרגלאָז־אַלטן הילוך.

געפּאָרט דער צווילינג גייט:
די האָפענונג און פרייד.
די פרייד פאָרויס גייט גראָד,
די האָפענונג פאַרקרייזט דעם ראָד.

## יידיש לשון

פרעגט דאָס ייִדישע לשון:
— ווינט פון אַלע יאַרידן,
זאָג מיר, ווינט פון ווינטן,
ווו זענען אַהינגעקומען
אַלע מײַנע ייִדן?
די וואָס האָבן מיך באַקריינט,
מײַנע טעג באַשײַנט,
גמראַדיק געניגונט,
געדרשנט אויף די באַלעמערם
פאַר קריאת־התורה,
געקידושט, געשׂימחהט,
געלאַכט און געוויינט.

קרעכצט און אָכצעט
ייִדיש לשון:
— שטראָף נישט, גאָט, מיך פאַר די רייד.
ביי אַלע צוגעזאָגטע גליקן —
מע האַלט מיך דאָ ווי אויף אַ קייט,

אַ קייט וואָס הערט נישט אויף צו שטיקן.
ס׳איז היינט נישט, ברודער ווי אַמאָל,
געוואָקסן איז די ייִדיש־קייט —
אַ צירונג פונעם ייִדישקייט,
כ׳האָב דעמאָלט זיך צעלייגט
אין לענג און ברייט
אי דאָ אי דאָרטן,
אין אַלע היימישע ישובים
אַט ווי ביים טאַטן
אינעם ווייַנגאָרטן.

געלערנט האָבן קינדער,
די משהלעך און שלמהלעך,
אויפן היימישן מאַמע־ייִדיש
וועגן ערשטן מענטש, אָדם,
ס׳איז יעדער ייִדיש וואָרט געווען
אַ טייל פון אייגן לייַב.
און איצט
פאַראַבלט זיצט
דאָס ייִדישע לשון,
קרעכצט און זיפצט:
— אז אַך און וויי,

צו וועמען זאָל דערגיין
דער ווײ־געשריי?
אַז אַלץ אַרום
איז טויב און שטום.
דאָס קינדערישע
ווײַסע ציגעלע
פון אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
איז אַוועק
מיטן רויך,
און די ראָזשינקעס
מיט מאַנדלען —
נישטאָ שוין מער נישט קיינער
וועמען זיי צו פאַרהאַנדלען.
אוי, גאָט, מײַן גאָט,
גיב כּוח
צו קאָנען ווײַטער גיין
איבער שטאָק און שטיין
באַרג אַרויף —
הויך,
הויך.

## פיר צענדלינג מידבר־יאָרן

פון שטיפּפּוילן בין איך אַוועק
מיט די ליידיקע הענט.
כ'האָב מײַן יוגנט געלאָזן
צווישן נאַקעטע פיר ווענט.

כ'בין געקומען קיין אַרגענטינע
אין איין העמד —
כ'האָב דאָ געלעבט אין דער פרעמד,
ווי יעדער וואָס קומט אַראָפּ
פון קליינעם שטעטל
אין גרויסשטאָטישן ווירוואַר,
ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל —
אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ס'איז מיר גאָר נישט מער געבליבן
בלויז אויף זיך אַליין פאַרלאָזן.
און דאָך,
ס'איז אַלצדינג דאָ
געוווען מיר ליבער
ווי דאָרטן אויף דער ערד

פון דורכגעפוילטן פוילן
ווו כ׳וואָלט געדאַרפט קניִען
און דאָס היטל ציִען
פאַרן שטיפפוילן,
און גיין ווי אַ זעלנער
אים דינען.
איצט האָב איך שוין דאָ
אין דער מדינה
אַרגענטינע
אַריבערגעשפּאַנט
פיר צענדלינג מידבר־יאָרן
וואָס זענען איצט שוין אַזוי ווײַט
און אויכעט אַזוי נאָענט
פון מיר און ווילן נישט אָפּטרעטן
פון מײַן זכּרון.

איצט צייל איך אין מײַן פאַרמעג
נאָך אַ האַלב טוץ העמדער
דרײַ פּאָר קאַמאַשן אין אַ רײַע
און צו די אַלטע פּיזשאַמעס
נאָך איינע, אַ נײַע.

געווען בײַ מיר טעג פון פּײַן
און אַנדערע וואָס האָבן
אַ קעגן געשמייכלט
יוגנטלעך־שיין,
פרילינגדיק־זוניקע טעג
מיט האָפענונג,
צוזאָג און פרייד
און אויך טעג פון שפּאַנונג
וואָס האָבן זיך געבויגן
אונטער דער לאַסט
פון שווערע עולן.

מײַנע בלאָע שוואַלבן־טעג
האָבן אַרומגעפלאַטערט
איבער מײַן יינגלשן קאָפּ.

כ׳האָב די יונגע יאָרן דערנערט
מיטן ברויט
פון דער פעטער אַרגענטינער ערד
מיטן פלייש
פון אירע אומצייליקע
שאָף און רינדער

וואָס האָבן זיך איבער נאַכט געמערט
און מיטן וויַין
פון אירע פולע לילע טרויבן־הענגלעך
אין איר וויַינגאָרטן.

אין ערגעץ נישט,
נישט דאָ און נישט דאָרטן
איז קיין מן נישט געפאַלן פון הימל.

וואָס טויגן די רייד?
איז דען שלעכט געווען
אַ ברייטל מיט קימל,
די מילך וואָס מע מעלקט פון דער קו,
און דער האָניק וואָס טריפט...
דאָס אַרגענטינער טשוראַזקעלע
און דער ביף,
די געבראָטענע פליישן
אויף די פיַיער־קוילן.

ס'איז ווויל אים,
דעם „היזיקן טשוואָק",
ער דאַרף נישט קיין וואַסער
אַרויסשלאָגן פון שטיין.

וואָס אַזוינס איז אין דעם לאַנד
נישט פאַראַנען?
אַ שפע בשפע — פולע פעסער,
און פולע קאַנען.
אָבער מײַנע פיר צענדליגג מידבר־יאָרן
קאָנען נישט אַרוים פון מײַן זכרון.
זיי האָבן מיך באַגלייט אויף אַלע וועגן.
צי די זון האָט איבער מײַן קאָפּ געגליט
מיט פײַערשפּיזן געשטאָכן
צי ס׳זאַמד האָט געבריט
אונטער מײַנע טריט.
אַזוי זענען אַדורכגעגאַנגען
מײַנע טעג און וואָכן — יאָר נאָך יאָר
צו מאָל אָפּילו נישט צו וויסן
ווי דער מאָרגן וועט דיך גריסן:
— גוטמאָרגן, סעניאָר!
מ׳איז געקראָכן און געזינקען אינעם מידבר־זאַמד —
אַ פּוס אַרײַן, אַ פּוס אַרויס.
איבער לענג און ברייט
פון אַרגענטינער לאַנד
בין איך דאָ אויסגעפאָרן
פערציק מידבר־יאָרן.

## אין מערלאָ

**1**

אין מערלאָ, פּראָווינץ סאַן-לויִס
די אַרומיקע באַרג-געגנט קלעטערט
מיטביימער צעגרינטע, באַבלעטערט
אַרויפצו אַלץ העכער און העכער
אַרויף צו פאַרוואָלקנטע הימלען —
אַ פילפאַרביקער פּעכער
אַ געשטרייפּטער מיט טיפן וויאָלעט,
צעפייַערטן רויט,
מיט געל ביַי די ראַנדן
און גרין פון די שימלען
באַשפּרענקלט מיט שפּיצן, מיט קאַנטן
אַרויף ביז די הימל-געוואַנדן.

**2**

זיי שטייען די בערג דאָ ביַי נאַנד —
פון גאָט און מענטשן פאַרלאָזן.
אַ מאָל קומט אַהער גאָט צו גאַסט
באַגלייט פונעם מענטש — זיַין באַשאַף,

באַלעבט זיי מיט ווּנדער פון פאַרבן,
אַז אָסור צי ס׳ווילט זיך דאָ שטאַרבן.
ער גיט זיי אַרײַן זײַן רוח־החיים,
זײַן געטלעכן הייסן אָטעם
און ס׳לעבן די באַרגביימער אויף
און ס׳לעבט אויף דער מענטש
אָט דאָ אויף דער פרײַער נאַטור,
דער מענטש דער באַפרײַטער וואָס בענטשט
די שטילקייט, די שלווה, די רו
אין ביימערשן שאָטן אין קאַלטן
און ס׳וויגט זיך אַ שפּראָץ צווישן שטיינער
אַ היילגראָז אין שפּאַלטן באַהאַלטן.

3

אין מערלאָ, פּראָווינץ סאַן־לויִס
בײַם וועג מיטן הילצערנעם צלם
אַ דעמבנבוים שטייט דאָ, אַ זיידע.
ער איז שוין אַריבער אַ טויזנט יאָרן לעבן אוודאי,
ער בייגט זיך דער זקן אַריבער אַ שטעג
באַשאָטן מיט שטיינדלעך אָנצאָליק

אַ סימן אַז ס׳האָט זיך אַמאָל דאָ טיפּטאָליק
געצויגן, געשלענגלט אַ טײַכיקער וועג,
אַ טײַכפּלום וואָס האָט אין די זונטעג
גערוישט מיט אַ פריילעך געפּליעסק,
און איצט — אויסגעטרוקנט דער טײַך
און אָפּגעדעקט אָפּן פאַר אײַך
ליגט זײַן געלעגער, דער דנאָ.

4

און אָט קומט די צײַט פון די רעגנס,
דער מבול דעם טײַכדנאָ דערגרייכט,
דאָס וואַסער פילט אָן ס׳טײַך־געלעגער
מיט רויש און מיט שטראָם, ווי אַ טײַך,
דעם טאָל אין דער נידער פאַרפלייצט.

אַרויפצו דער באַרג־קייט זיך שלענגלט און ציט
דער שמאָלינקער באַרגוועג וואָס הייסט „שלעכטע טריט".
די לאַנדשאַפט אַרום — אַ פאַרכישופטער שפיגל —
דעקט אָפּ זיך, אַנטפּלעקט זיך פאַר אײַך אין אַן עיגול.

## 5

אַ נעפּל פון וואָלקנס פאַרהייבט זיך אין הייך,
ווי שעפּסנוואָל וויַיסע געקרייזלט זיך שלייכט
די סטאַדע, אָן פּאַסטעך, אַריבער די בערג.
דער פּאַסטעך זיצט ערגעץ און פּיַיפלט פאַרקלערט.

באַלד לאָזט זיך אַרונטער אַ פּאָרהאַנג פון רעגן
און ס׳גייט אויף אין האַלברונד אַ פאַרביקער בויגן.
די וואַסערן פאַלן אויף שטיינער און וועגן
און ס׳בולבלען זיך אונטן די טראָפּנס ווי אויגן.

דו שפּירסט ווי דערלײַטערט שטיַיגט אויף אַ געפיל
פון הוילן באַוווּנדער וואָס האָט נישט קיין נאָמען.
אַ שפּיל קידער־ווידער, אַ שטיַיג־ און פאַל־שפּיל
פון בלי און פאַרוועלקן, פון אייביקן ביַיט, דער פענאָמען.

## די בערג פון סאַן־לויס

די בערג פון סאַן־לויס מיט באַרגבענק, טרעפּלעך
האָבן מיך פאַרשלונגען, און איך טראַכט:
ס׳שאָטנט שוין אַראָפּ פון בערג די נאַכט
און ס׳ווערט פאַר מיר דאָס בלייַבן דאָ שוין שפּעטלעך.

איך קער זיך אום באַדאַכט אין זומער־שטיבל.
אין דרויסן פאַר דער טיר די אָונטרו אין ברייט און לענג
פון הימל קוקן שטרענג אויף מיר — שטערן זיבן,
אפשר איז זיי אויך דאָרט אין דער הייך דער הימל ענג.

משה־בינעם לעדערמאַן

## סאַנטיאַגאָ־מידבר

אין געלן שײַן פֿאַלט צו די שקיעה.
אין מידבר פֿון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ
דאָרט און קוואַרט אין טריקעניש די ערד.
פֿול אומרו פֿאַרגעפּיליק ווערט
דאָ יעדער בריאה.

ס׳שרײַט די שטילקייט אַזש זי שפּאַלט
דעם מוח — נישט צום איבערטראָגן.
ווי לאַנגע נונען שווײַגן גרין און קאַלט
די ווילדע קאַקטוסן — אַ וואַלד.

מיט ווײַסט געוווי נעמט אײַלן, יאָגן
אַ צעשויבערטער דער מידבר־ווינט
איבער זאַמדוואַלן און אוראַלטן געשטיין.
נישט קיין הונט און נישט קיין רינד —
דער סטעפּ האָט ליב צו זײַן אַליין.

דער עלנט האַלט צונויף די זאַמדן.
ס׳הייבט זיי אויף דער ווינט אין הויפנס,
פירט זיי, טראָגט זיי ביז די ראַנדן
און לאָזט אין וועג זיך וויַיטער לויפן.

אויף סאַנטיאַגער פוסטע וועגן
זעלטן, אין אַ יובל פאַלט אַ רעגן.
די קאַקטוסן ווי שטומע עדות שטייען
דעם וויַיטן פרעמדן הימלראַנד אַנטקעגן,
אַנטקעגן וויסטן עלנט פון די וועגן.

## אַ רעגן אין מאַזעסוויל

אַ רעגן אין מאַזעסוויל
דער הימל ליגט נידעריק איבער
די הײַזקעלעך, די אויסגעווייקטע שטיבער,
ס׳ניגונט דער רעגן אויף אַלע וועגן
און אַלע וועגן אונטערן גאַס רעגן
דערמאָנען אין בעל־שם־טובס געגנט.

דער טאַטע דאַווענט. ער קוקט דורך דער שויב:
— דער רעגן פאַלט אין צײַט,
אַ דאַנק און אַ לויב...
ס׳וועט וואַקסן... ס׳וועט זײַן
אַ גוט געראָטעניש
אויף אָנצופילן פולע שפּײַכלערס,
ווי ס׳קער צו זײַן.

דער רעגן ניגונט אויף אַלע וועגן
און דערמאָנט דעם בעל־שמס געגנט —
דערשטוינט, פאַרגאַפט, פאַרחידושט —
ווי אונטער נידעריקע דעכער
געוואַקסן זענען קינדער העכער...
און די ביימער האָבן גערעדט
מיטן לשון פונעם בעש״ט —
ייִדיש.

## דער וועג צו טאַנדיל

דער וועג, וואָס פירט צו טאַנדיל,
איז אין זילבער־נעפּל איַינגעהילט
ליגט רויִק, שטיל,
פאַרוויגט אין רו.

נאָענט לעבן הויז זיך שפּילט
דאָס קינד
וואָס גראָבט אַ גריבל
מיט אַ לאָפּעטקע געשווינד.
וואַרפט די גרודקעס ערד
אין שאָטן פונעם שטיבל.

פאַר וועמען גראָבט דאָס קינד
דאָס לענגלעך־שמאָלע גריבל אוים?
דאָס הויז שטייט זיכער דאָ, דאָס הויז
איז פעסט אין זיַין יסוד.
ווער ווייסט דעם מיין און סוד?
ס׳איז דאָך ערשט נישט לאַנג
דאָס קינד אַרוים
פון וויגל.

ס׳כאַפּט אַרום אַ שרעק
צו טון אַ קלער
אַז ס׳איז אַ שפּרייַז נישט מער
דער וועג
פון וויגל ביזן גריבל.
און קורץ איז אויך די פרייד —
אַ בלויזער אויגנבליק
און ס׳גליק וואָס קומט — פאַרגייט,
פאַרשווינדט —
צי ווייסט עס אויך דאָס קינד?
אָט האָסטו עס, דאָס גליק
וואָס צערינט
אונטער די הענט.
אין וועמען איז זייַן דויער
געווענדט?

פאַרטרייַב פון זיך דעם טרויער!
אין שטוב איז אַלץ געגרייט:
אי ברויט, אי פריש גרינס
אי וויַין, אי פלייש געבראָטנס.
בייַם טיש זיצט ס׳גאַנצע הויזגעזינד:
דער טאַטע, ס׳וויַיב און ס׳קינד
וואָס אין טאַטן ס׳איז געראָטן.

די שלווה שפּרייט זיך אינעם שטיבל.
דאָס גרינס אין דרויסן גרינט
און ס׳רויטלט זיך דער זונפאַרגאַנג
בײַם ראַנד פון האָריזאָנט.

די הון זוכט זשאַרנעם דאָ און דאָרט,
די שאָף מאַלעגיירען, קײַען, קײַען.
די טויבן וואָרקן, פייגל פּישטשען.
אַ טראָפּן טוי דעקט אַ גרעזל צו.
אויסגעשפּרייט אַרום איז זעט און רו.
פון שטעלכל טראָגט זיך אַ מו־מו —
די אָוונט־תּפילה פון דער קו.
און ווען די נאַכט פאַלט צו
מיט אײַנגעהאַלטן שווײַגן
שטאַרט דער ציפּרעס־בוים מיט די צווײַגן
הויך אַרויף צום הימל
מיט די סודותדיקע שטערנס
וואָס פינקלען, בלינצלען, ווונקען, רופן
פון די הייכן צו דער שווײַגעניש אַרום,
צו אַלץ וואָס ווערט מיט נאַכט פאַרוויגט אין רו.

## אַרום טאַנדיל

אַרום טאַנדיל
ציִען זיך בערג ווי וואָלקנס
הויערנדיקע בײַם ראַנד
פון אויסגעשפּרייטן גרינעם פעלד.

פון אַ הויז ציט זיך,
שלענגלט זיך פאַרקנוילט
דער גראָער רויך פון קוימען.

אין אָפענעם פעלד,
ווײַט פון שטאָטישן האַרמידער,
איז דאָס אויג דער מעסטער
פונעם שטח ביז די בערג.
זיכערער און פעסטער
שטעלט
זיך דער טראָט —
ווײַט פון שטאָט.

צו פוסנס די בערג —
שפּרייט זיך שלווה אויפן פעטן גרונט.

## דער שוכפוצער אין טוקומאַן

דער שוכפוצער פוצט מײַנע שיך
אין דער װײַטער פּראָװינצער שטאָט װוּ כ׳בין
פאַרפאָרן אַהער דאָ אין טוקומאַן
װוּ ס׳גייען נאָך פערד אין געשפּאַן.

אַרום די אַקאַנקיכע-בערג
װאָס גרייכן מיט קרוינשפּיצן אין
די װאָלקנס װאָס ציִען געשפּאַנט
פאַרבײַ איבער גאַנץ טוקומאַן.

דער שוכפוצער פוצט מײַנע שיך,
ער װאַרפט אָפּט זײַן בליק אַרום זיך,
װאַרפט דאָ און װאַרפט דאָרט זײַנע בליקן.
די לאָטעריע-צעטעלעך ליגן
לעבן אים אויף דער ערד אָנגעהויפט.
ער פוצט און אין צווישן — די צעטעלעך פאַרקויפט.

די ציפערן מאַגישע גייען אים אָן.
אין זיי ליגט דאָס מענטשלעכע גליק
וואָס ער באָט די מענטשן עס אָן.
נישט איינער וואַרפט ס׳גליק אים צוריק
וואָס ער קען דערמיט גאָר נישט טאָן.

דער שוכפּוצער פּוצט מײַנע שיך,
זינגט אונטער אַ לידל פאַר זיך.
ער רעכנט די ציפערן אויס
נישט וויכטיק צי קליין איז, צי גרויס,
דער ציפער — ס׳איז מזלדיק פיר...
— איין צעטל באַהאַלט איך פאַר מיר.

שוין אָפּגעפּוצט שיין מיט אַ גלאַנץ,
צופרידן — צו גיין נאָר אַ טאַנץ.
ס׳בײַסט אים אין פּלייצע. ער גיט
אַ שיב זיך, אַ קראַץ אין דער מיט.
ווער ווייס וואָס ער האָט דאָרט געפינען...
אַרום ליגן גרייט זײַנע גליקן,
די צעטעלעך — זאָלן זיי ליגן.
ער קען זיך אַצינדער פאַרגינען
צו קוקן אין הימל פאַרטראַכט
און ציילן: דריי, פינף, זיבן, צוויי און אַכט.

## ווער וועט מיך אַרבן ?

מיינען מיינט אָפט יעדער
אַז מע מיינט נישט אים
נאָר יענעם,
דעם צווייטן,
דעם דריטן,
דעם אַנדערן.
אַזוי שרײַט אין אים אַ שטים,
אַז ער איז נישט צום פאַרבײַטן:
אַז ער וועט ווערן אויסגעמיטן
דורכן גורל, און דערווײַל —
ער קאָן נאָך אַרומגיין נישט געאײַלט
איבערן שיינעם וועלטל:
ער קאָן נאָך אַ ביסל וואַנדערן,
אַ פּאָר טון דאָ און דאָרט,
צי זײַן פאַרשטעקט אין זײַן באַהעלטל.

נאָר קוים וועט אים די צײַט
אַ נעם טון אויפן צימבל
פּונקט ווי גרונם און ווי גימפּל —

מיינט ער — איקס צי איגרעק,
און ס׳איז בײַ אים כּמעט ווי פעסטגעשטעלט
אַז מיט אים גייט אויך אונטער
די גאַנצע וועלט.

ווען, דעם אמת געזאָגט,
גייען גייט נאָר אונטער
אַ שפּריצל פונעם טאָג
און אַלץ בלײַבט ווי געווען.

ס׳איז אויסגעגאַנגען בלויז
אַ שטילער ניגון,
וואָס האָט זיך, ווי אַ שפּינוועב־פאָדעם,
אויפגעהערט צו וויגן,
געבליבן אויף זײַן אָרט — אַ בלויז:
ווינציקער אַן אָטעם,
ווייניקער אַ שאָטן.

דער נעכטן ווערט
ערגעץ ווי פאַרפאַלן
מיט דעם און מיט יענעם
כּמעט ווי אומבאַמערקט.

מילאָ, פאַרפאַלן!
ווי אַ קאַרטאָפל, צעפּערטלט,
געלייגט אין דר'ערד,
גייט זי שפּעטער אויף,
אין רײַפן שניטצײַט,
צעשפּראָצט
מיט פרישע גרינע בלעטער
מיט צאַפּלדיקע בינטלעך
יונגע קאַרטאָפל.

און ס'קייטלען זיך אַזוי
די לעבן־רינגען,
וואָס קייטלען זיך אַזוי
אַרויף־אַרונטער,
גייען אונטער
און גייען אויף
אויף ס'נײַ.

איך ווייס,
אַז מיינען מיינט אָפּט יעדער
אַז מע מיינט נישט אים.
אויך ער גייט אונטער

ווען ס'גיט אַ רוף די צײַט —
נאָר ס'טרעפט אַ מאָל
אַז ס'בלײַבט זײַן שטים,
זײַן וואָרט,
זײַן לעבנליד
אָפּגעשפּיגלט
ווי אין אַ שפּיגל:
זײַן שטילער ניגון
וועט זיך לאַנג
נאָך אים נאָך וויגן
אין עמעצנס געמיט.

דעמאָלט פאַרשפּאָרט
מען זיך אַליין צו פרעגן
בײַם סוף פון אַלע וועגן,
ווען יענער ווייסט
אַז אויך ער מוז שטאַרבן:
ווער וועט מײַן פאַרמעגן —
דעם שפּיגל פון ליד —
איבערנעמען אין זײַן געמיט —
ווער וועט מיך אַרבן?

## גאָט פון אַברהם

אויף טויזנט מײַל און איבער טויזנט יאָר,
אַזוי פיל צײַט אין ווײַט און כ׳זע אַלץ קלאָר:
דער שבת הילט דאָס שטעטעלע אַרום.
די מאַמע זיצט בײַם טיש מיט צוגעדעקטע האָר
און הייבט פאַרפרומט אָן זאָגן: גאָט פון אַברהם...

בײַם צופאַל פון דער שקיעה כ׳שטיי בײַם ראַנד
פון פענצטער. כ׳זע ווי ס׳טונקלט אויף דער וואַנט
דער שאָטן אליהו הנביאס און אַ שטראָם
אַ הייסער גייט מיר דורך: כ׳דערפיל זײַן האַנט
אויף מיר. די מאַמע ניגונט: גאָט פון אַברהם — —

דער בין-השמשות דריקט אויף מײַן געמיט:
— מע מעג שוין, מאַמע, אָנצינדן אַ ליכט?
— ניין, חלילה! — זאָגט זי און דעם ניגון ציט —
דער קעסל אין גיהנום איז שוין אָנגעגליט
פאַר די רשעים — ניגונט זי: גאָט פון אַברהם — —

— ס׳איז, מאַמע, דאָך שוין שפּעט — באַלד זעקס אַזייגער —
זע, ליכטיק איז אין שטוב ביי אַהרן שווייגער.
— ניין, ס׳ברענט אין גלחס פענצטער ס׳ליכט אַצינד.
מיר וועלן נאָך אַ ביסל צוואַרטן, מיין קינד —
צעניגונט זיך מיין מאַמע הויך: גאָט פון אַברהם — — —

אָט ליכטיקט אויפן הימל שוין אַ שטערן.
די רשעים מוזן זיך צוריק שוין קערן
אין גיהנום — אוי, זיי קאָנען אונדז פאַרשעלטן
און מיר פאַרלירן דעמאָלט ביידע וועלטן...
זאָל לענגער דויערן — גאָט פון אַברהם — — —

אליהו הנביא גייט אַראָפּ פון וואַנט
געהילט אין שאָטנס ווי אין גראָ געוואַנד.
אָט קלעטערט ער שוין אויפן הימל־לייטער
צוזאַמען מיט מלאכים — צוויי באַגלייטערס:
דער חלום און דער מאַמעס „גאָט פון אַברהם".

## אַ ווינטערנאַכט

אַ ווינטערנאַכט דערמאָנט זיך מיר ביי אונדז אין שטוב.
דאָס חלב-ליכטל טוקט זיך, צאַפּלט אויפן טיש.
די מאַמע קלייבט די אַרבעס איבער, קלייבט און זוכט,
די ווערעמדיקע אַרבעס זי דערטאַפּט, דערווישט.

די באָבע אין די ברילן, זע איך, זיצט ביים טיש,
זי נעמט פּסדר גאָרשטן אַרבעס אין דער האַנט.
די גוטע לייגט זי אין דער פּאַן און שאַרט און מישט
און גרעסער ווערט איר שאָטן אויף דער וואַנט.

און איך, אָט ווי די אַרבעס, קלייב איך מיינע טעג.
די גוטע לאָז איך איבער אין זכרון וואַך.
מיין מאַמע גייט מיר נאָך, באַגלייט מיך אויף מיין וועג
און כ׳זע זי איצט אָט ווי אין יענער ווינטערנאַכט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַ שבת אין דער פרי

אַ שבת אין דער פרי ביי אונדז אין שטוב.
מיין טאַטע ליגט נאָך אינעם ווארעמען בעט.
נאָך אַ וואָך פון שווערער מי אָפּגעשטופּט.
מעג מען זיך דערלויבן שבת אויפשטיין שפּעט.

דער טאַטע מיינער אָטעמט איין אין זיך די רו.
וואָס וויים דער טאַטע וואָס אַזוינס ס'איז זינד?
ער טשעפּעט נישט צו מאָל קיין פליג אויף וואַנט.
דער ייִד איז אָפּגעהיט, האַלט כשרות און איז פרום
און פרום אַזוי ווי ער איז אויך זיין קינד,
ס'הייסט, איך וואָס ליג איצט ביי זיין זייט.

כ'פאַרנעם אין בעט דעם סאַמע ראַנד.
איך וואַרט, קוק אוים דעם פעטער חיים־לייב.
דער מאָרגן־שטערן אינעם בלאָען פענצטער לייכט.
דער פעטער האָט דאָך צוגעזאָגט צו קומען, וועט ער
אַוודאי באַלד זיך ווייזן דאָ אין שטוב, דער פעטער.

אָט הערט זיך טריט פון שטיוול און אַ קלאַפּ אין טיר.
דער פעטער באַסעוועט אויף יענער זײַט:
— דו פּופּסט נאָך, מענדל? גיב זיך שוין אַ ריר!
די הענער האָבן דאָך שוין לאַנג געקרייט —
נו, עפן שוין! ביסט נאָך נישט גרייט?

אַן אויסגעטשוכעטער דער טאַטע גייט
אַראָפּ פון בעט און קײַטלט אויף די טיר:
— זע נאָר ווי ער האָט עס נישט קיין צײַט...
וואָס איז ס'געאײַל, וואָס? קאָנסט פאַרשפּעטיקן די באַן?
ער טשאַפּעט צוריק צום בעט און לייגט זיך בײַ מײַן זײַט.

באַגלייט מיטן שבת אינעם שבתדיקן ראָק
דער פעטער איז אַרײַן אין שטוב מיטן ברייטן שפּאַן:
— גוט שבת! ס'איז שוין גרויסער טאָג אין דרויסן.
דאָ האָט מען נישט בדעה נאָך צו מאַכן טאָג.
נו, קריכטס אַראָפּ שוין פון די בעטן...

דער פעטער חיים-לייב הערט אַלץ נישט אויף צו רעדן.
ער פילט זיך דאָ בײַ אונדז, ווי בײַ זיך אין דער היים.
באַלד דערציילט ער מיר ווי דער בעל-שם
אין פויערישן אָנגעטועכץ האָט געפירט ליים.

מיטן טאָג צו גלײַך איז ער אַוועק אין וואַלד.
דערציילט אַזוי דער פעטער, קלאַפּט זיך האַנט אין האַנט:
— דער טאָג איז פּונקט ווי הײַנט געווען גראָד קאַלט
און גיי, האַק האָלץ אין אַזאַ קעלט, אַ פּראָסט.

דער פעטער חיים־לייב שפּרײַזט הין־צוריק אין שטוב,
ווי ער וואָלט דערפילט די קרירה אין די ביינער:
— כ׳זאָל נישט זינדיקן — זאָגט ער — מיט די רייד,
דער בעל־שם איז שוִער נישט געפאַלן אין אַ גרוב,
ווען ער איז צוריקצווועגס געגאַנגען מיטן בינטל שפּענער.
— טפו! — האָט דער פעטער אויסגעשפּיגן אין אַ זײַט.
— פעטער, פעטער! — בייזערט זיך מײַן שוועסטער, שרײַט
פון צווייטן בעט אַרוים אַנטקעגן אונדזער וואַנט —
דער פאַל איז ריין, נעמט איר און פאַרשפּײַט...

— ריין־שמיין — האַלט בעסער די צונג צווישן די ציין,
דו נאַרישע צויג — היצט זיך דער פעטער —
נאָך נישט אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד
און ס׳גיט שוין יענעם איבערן קאָפּ — —

## אין שפּיגל פון ליד

ס'האָט מיך אונטערגעהויבן מײַן שוועסטערס רייד,
איר חוצפּה, און כ'בין גיך פון בעט אַראָפּ
אין ציטערניש אַז דורכן איבעררייד
זאָל די מעשׂה פון בעל־שם נישט ווערן צעדרייט.

די שוועסטער מײַנע האָט פון פּעטערס גאָב
אַוועקגעדרייט דאָס פּנים צו דער וואַנט פאַרשעמט
און זיך איבערגעדעקט די קאָלדרע איבערן קאָפּ:
— מוחל זײַנע בבא־מעשׂות פון בעל־שם.

דער טאַטע איז געשטאַנען — גרייט צו גיין
צו השכּמה אין בית־מדרש און דער פּעטער,
וואָס איז פרי געקומען — אונדזער שבת־וועקער,
האָט די מעשׂה פון בעל־שם, דעם האָלצהעקער
געלאָזט אַ נישט־פאַרענדיקטע אויף אַ וואָך שפּעטער.

משה־בינעם לעדערמאַן

## מיין פעטער חיים־לייב

מײַן פעטער חיים־לייב
האָט אַ גאַנץ לעבן זײַנס
אָפּגעלעבט מיט שרעק.

ווי אַ פלעדערמויז
צעפלאַטערט,
האָט אים די אימה
געמאַטערט.
דעם גאַנצן לעבנוועג
האָט דער פחד אים באַגלייט.
אומעטום,
וווּ ער איז געגאַנגען,
האָט זיך די מורא
אויף אים אָנגעהאַנגען.

אַלץ האָט אים געשראָקן.
די אומשולדיקע פרייד
האָט די שרעק פאַרפלעקט.
אַפילו דער אייגענער שאָטן
האָט אויף אים אָנגעוואָרפן
אַ ציטערניש

און געקילט דעם שאַרבן —
נאָר צום שטאַרבן.
די שרעק איז פון אים נישט
אויף קיין רגע אָפּגעטראָטן.

נישט איין מאָל האָט אים
די אימה אָנגעכאַפּט
פאַרן האַלדז.
דאָס איז נאָך נישט אַלץ.
צווישן אַ געזעמל מענטשן
האָט ער זיך פאַרלוירן —
געפּייַניקט פון צער, פון שרעקנפּלאָג.

אויך אין מיטן העלן טאָג
געפילט האָט ער אַ מורא.
ווען ער איז געווען אַליין
האָט ער נישט איין מאָל
זיך פאַר שרעק צעוויינט,
אויסגעבראָכן אין יללה.

אַזוי האָט ער געשפּאַנט
נאָך אַנאַנד
מיט דער שרעק ביי דער האַנט.

שרעק פאַר אַ קללה,
שרעק פאַר אַ בייז אויג,
שרעק פאַר זינד,
שרעק פאַר נויט.
צום מיינסטן אָבער —
די שרעק איבער אַלע שרעקן —
די שרעק פאַרן טויט.

אין איינעם אַ טאָג
איז אַ שעה אַזאַ געקומען
און ענדלעך האָט די שרעק
פון אים זיך אָפּגעטון.
זי איז שטום פון אים אַוועק.
זי האָט זיך אָפּגעשיידט
צוזאַמען מיט זײַן
איבערגעשראָקענער נשמה.

ער איז געוואָרן אויסגעלייזט,
באַפרײַט פון שרעק.
געבליבן איז ער רויִק ליגן
אָט אַזוי ווי יעדער ליגט
ווען ס׳קומט די שעה —
מיט אַ שטאַרן, שטומען,
פאַרגליווערטן בליק,
און אַן עק,
אוים מיט דער שרעק.

## אַ שבת פאַר נאַכט

אַ שבת פאַר נאַכט
אונטערן ליפּעבוים
כ׳ליג אויסגעצויגן
אין זײַן שאָטן.

מיט אָפענע אויגן
כ׳קוק אַרויף צום הימלבלענד.
איך זוך אַרום זיך דעם טרוים
וואָס איז נאָר וואָס אַנטרונען
פון מיר, זיך אָפּגעווענדט,
געוואָרן אוים טרוים.

די צווײַגן וויגן זיך קוים, קוים
און ס׳וויגט זיך דער שפּיץ בוים
מיט דער קוקאַווקע אין דער הייך
מיטן שנאָבל פאַרריסן:
— קוקו! קוקו!

דער טאַטע שטעלט די שבת-טריט
במנוחה, באַדאַכט, געמיטלעך —
אַזעלכע פאַמעלעכע שבתדיקע טריטלעך.

ער וואָלט גערן
פאַרהאַלטן דאָך
די שטעטלשע שבת־רו,
דעם שבת וואָס נייגט זיך אַראָפּ —
אַ שוואַלב וואָס שוועבט לײַכט
אַרײַן אין דער פולער וואָך.
דער שווערער יאָך
אויף די פּלייצעס
בייגט דעם טאַטן
נידעריקער אַראָפּ דעם קאָפּ.

באַלד וועט זיך באַווײַזן די לבנה
אַן אָפּגעטובלטע
אין אַ טונקעלן וואָלקן
און אויפן ראַנד פון אַ דאַך
וועט אַ ווײַסע טויב
אַראָפּוואָרקען מיט אַ ווייכן ברום
צום אויסגעשבתטן אַרום:
— גוטוואָך, גוטוואָך!...

## דעם מהר״לס גולם

דעם מהר״לם גולם,
דער מגושם
מיט די ליימענע
הענט און פּים,
איז בײַ נאַכט,
ווען טיר און לאָדן
זענען פאַרהאַקט, פאַרמאַכט,
אַראָפּ פון בוידעם
איבערן אַלטן
פּראָגער בית-מדרש
און געלאָזט אַ שווערער
זיך גיין אַליין
איבער שטאָק און שטיין,
איבער שטעג און וועג.

דער גולם גייט.
ער פּילט אוים שטעט
מיט עולם-גולם.
אויף דיר, אויף מיר,
אויף אונדז אַלע —
ציטערט די הויט

פאַר די גולמשע טריט.
מיר פילן אין בלוט,
אין צעפיבערטן בלוט
די אימה פאַרן גולם —

ער גייט — דער גולם!
ער קומט — דער גולם!
ער רעדט — דער גולם
פאַר פייַער און וואַסער.
ער שרייַט און דראָט,
באַדראָט
די זיכערקייט און רו —
די היים.

אין ציטערניש,
אין איין שרעק
איז בוים און צווייַג און בלאַט —
פאַר דער בלאַנקער האַק
געשטרעקט אין האַנט
פון בלינדן, טויבן,
גולם, אויטאָמאַט —
באַשאַפן פון ליים,
פון קאַלטן ברוינעם ליים.

דער גולם גייט —
פֿאַרטרײַבט דעם חלום,
פֿאַריאָגט די פרייד
פון קינד און קייט.
ער שטיקט, דערשטיקט
דעם מענטשנס גליק.

אַ קײַלעכיקן מעת־לעת
דער גולם רעכנט, מעסט,
ציילט מת נאָך מת
וואָס ער האָט שוין אַוועקגעלייגט
אין זײַן פֿאַרמעסט
מיט אַליץ וואָס לעבט און לײַכט.
ער וואָלט די גאַנצע וועלט
אויסגעגלײַכט
מיט דער ערד.
ער קלערט,
איז מער ווי זיכער
אַז ער וועט עס אַרויס
דער זיגער
פונעם וועלטפֿאַרמעסט,
פונעם וועלטגעוועט
מיטן גורל.

דער גולם גייט!
אַרום דעם גולם
הערשט געשוויַיג.
אַלצדינג שוויַיגט.

די האַק ביַים גולם
אין דער האַנט
האַקט קעפּ,
צווינגט צו שוויַיגן.

די גאַנצע וועלט —
דער גרויסער העלד —
האָט
אָנגענומען אַ מויל שוויַיגן.
דאָס שוויַיגן גרייכט
ביז גאָט
אין הימל.
די מורא שטיַיגט
און הערט נישט אויף צו שטיַיגן:

— דער גולם גייט!
דער וועלט־צעשטערער,
דער מענטשן־האַסער.

ער צינדט די שׂריפה,
ברעכט די צוימען.
ס׳בלײַבט די שטאָט —
פון קוימען ביז קוימען,
פון דאַך ביז דאַך —
אָן ליכט,
אָן ברויט,
אָן וואַסער —
הפקר, אומבאַוואַכט.

— דער גולם גייט!
וואַרפט אָן אַ שרעק
אָן ברעג.
די צײַט פון ראָבאָט
איז אַלץ נאָך נישט פאַרבײַ.
זי טראָגט מיט זיך
אין אירע פאַלעס
פול שטויב —
וועלט-מפּלות,
צער און נויט —
טויט.

## דער בעל־שם

אין אַ וואַלד מיט ייִדן —
דעמבעס צעצווייַגט —
שטייט דער בעל־שם
אַ פאַרגאַפטער און שווייַגט.

און אַט רופט ער אויס
מיט אַ מאָל
ממעמקים, פון טיפן טאָל:
— אוי, טאַטע, ביסט דאָך דאָ!
ביסט דאָ אומעטום!
פילסט אויס אַלץ אַרום —
דו, דו,
דו גיסט דאָך לעבן
אַלץ וואָס איז דאָ,
וואָס ווידמעט זיך אויף דער ערד.
וואָס יעדער איינעם קומט,
וואָס איטלעכן איז באַשערט.

דער מוראַשקע וואָס קריכט,
דער בין וואָס גיט האָניק
און אויך ס׳איריקע דער שפּין.
די פייגל זינגען שירה
אין דער פרימאָרגן־שעה,
די ערשטע שעה פון באַגין,
און איך, טאַטע, איך בין
אין ווײַסן קיטל געהילט —
אַ גרייטער לדין.
אַ ווינטל צעוויגט די שפּיץ ביימער.
דער עולם יידן אַרום
צעוויגט, ווי די ביימער, אין אימה,
תּפילה־זכּהדיק שטיל —
צו הערן קוים,
און באַלד
רוישט אויף דער גאַנצער וואַלד
וואָס שטייט צעפלאַמט,
געהילט אין קדושה־שײַן
פון די יום־כּיפּור־ליכט
ביז ס׳לעשט זיך אוים דער טרוים.

משה־בינעם לעדערמאַן

## דער שנײַ פֿאַרדעקט

דער שנײַ פֿאַרדעקט די ערד, דעם קוסט
אַ סימן אַז ס'איז אַלץ שוין אויס.
נאָר דאָך די זריעה ער פֿאַרהיט
וואָס שפּראָצט פֿון ערדשיכט פֿאָרט אַרויס.

דער שנײַ פֿאַרדעקט מײַן קאָפּ — כ'ווער ווײַס.
כ'בין אַלץ נאָך ס'חדר־ייִנגל אויפֿן שליטן
וואָס לאָזט זיך באַרג־אַרונטער אויפֿן אײַז
מיט יונגן פּנים מײַנס צעבליטן.

איך שטיי אין נעפּל אײַנגעהילט
אָט ווי אין טלית ס'שטייט אַ פֿרומער ייִד.
אַ ליד האָט זיך בײַ מיר אין האַרץ צעשפּילט,
ווי מיט אַ ליכטל אין דער נאַכט — גיי איך מיט מײַן ליד.

## אַ פאַרשטערטער פסח

מײַן טאַטע שטאָפּט אַ װײַסע גאַנדז.
פאַרשאַרצט דעם אַרבל אויף דער האַנט
און ברומט אַ ניגון אַלטבאַקאַנט.

דרײַ מאָל אין טאָג ער גײט אַראָפּ
אין פינצטערן קעלער און ער שטאָפּט
די גאַנדז װאָס װיגט הין־הער דעם קאָפּ.

ער פּאַקט איר שטיקלעך ברויט אין מויל.
זי שלינגט אין גאָרזשל שװער און פויל
ביז ס׳בלײַבט דאָס לאַנגע העלדזל הויל.

דער טאַטע קוקט זיך צו און זעט:
פון אָנשטאָפּן די גאַנדז צו זעט
װערט זי פול און דיק און פעט.

שטראַלט דער טאַטע פול מיט פרייד:
ס׳װעט שוין זײַן איצט צוגעגרייט,
צו דערלעבן געזונטערהייט,

וואָס מע דאַרף אויף פּסח — אַלץ:
אַ גאַנדז אויף יום־טוב, גענדזנשמאַלץ.
דעם טאַטנס פּנים — אַ צעשטראַלטס.

אַ טאָג פֿאַר פּסח, שטום אָן ווערטער
פֿון קעלער קומט ער אַ פֿאַרקלערטער:
— הערסט, צירל, ווײ, ס׳איז אַ פֿאַרשטערטער

דער פּסח הײַנט. די גאַנדז איז טריפֿה — —
ערגער נאָך ווי ס׳וואָלט אַ שׂריפֿה
אַלץ פֿאַרכאַפּט אין אירע רײפֿן.

באַשערט אַ צרה ערבֿ פּסח! —
— וואָס טוסטו מיט דער גאַנדז? — דאָס ווײס איך —
אַוועקשענקען דאָס גענדזל — הײס איך...

דער גוי זידאָרסקי כאַפּט דעם שאַנס.
צו זיך אַהײמגעבראַכט די גאַנדז,
און האַקט אַ סעודה ווי אין טראַנס.

אויפֿן יום־טובֿ־טיש די ליכט צעטריפֿן.
אָן פֿלײש, אָן גענדזנשמאַלץ, אָן גריוון —
דעם פּסח זענען מיר געבליבן.

## מיין טאַטנס שאָטן

דער הימלבלאָ
נעמט טונקל ווערן.
מיך פירן בלויז
די וויַיטע שטערן.

זיי פירן ערגעץ
מיך אַוועק
פון דאַנען און פון אַלץ אַרום
אין אַ וויַיטער וויַיט
פון דער פאַרגאַנגענהייט
מיט איַינגעלייגטע ווענט.

אָט בין איך ווידער דאָ
אין מיַין היים־שטעטעלע
וואָס איז פאַרברענט.
נישט וויַיט פון וועג
אַנטקעגן באַרג
איך זע דעם מאַרק
מיט די פאַרהאַקטע קלייטלעך,
מיט די שוואַרץ פאַרלייגטע פרענטן.

צעטומלט יונגוואַרג,
די יינגלעך מיט די מיידלעך
וואָס האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטון
אין שטעטל אָפּגעברענטן.
אָט איז מײַן היים,
די שטוב, די וועגט.
פאַרקלאַפּט איז בלויז
די שווערע טיר.

מײַן טאַטע האָט
אין אַלטן קלויז
געבעטן גאָט
אויף לאַנגע יאָרן
פאַר זיך און פאַרן הויזגעזינד.
אין די לאַנגע קליידער
געלערנט און געדאַוונט פרום
אין טלית אײַנגעהילט
געטון האָט ער אַ נדר
צו זײַן געהיט
נישט צו פאַרשעמען
דעם נאָמען ייִד.

פאַר מחשבות זרות
זיך געקלאַפּט על חטא.
בײַם תהילים זאָגן
געוויגט זיך נאָך אַנאַנד.
געפלאַטערט
האָט מײַן טאַטע
מיטן שאָטן אויף דער וואַנט.

איך, זײַן יורש —
ביז הײַנט איך פלאַטער
צווישן הימל־ערד.
מיט דער האַנט
איך וויל דערלאַנגען
דאָס טעלערל פון הימל.
דערגרייכן כ׳וויל —
ווי לאַנג ס׳איז מיר באַשערט,
ווי לאַנג ס׳גייט אָן דאָס שפּיל —
די אויסגעשיטע שטערן
אויפן הימלדעק.

געבליבן איז מיר דאָ בײַם ראַנד
מײַן איינציקער פאַרמעג
בײַם סוף פון מײַנע טעג —
נישט מער

ווי ער —
דער שאָטן
וואָס זאָל מיך
באַגלייטן
אויף מײַן ווײַטערדיקן
שוין נישט ווײַטן וועג.
אויך פאַר מיר איז נאָך
דער בלאָער הימל — בלאָ.
אַרום מיר איז,ליידער,
גראָע וואָך.
און ס׳איז קיינער מער נישטאָ
אַ חוצן טונקל,
וואָס וועט אַלץ טונקעלער נאָך ווערן ;
אַ חוצן הימל מיט די שטערן
און מײַן ליד וואָס וויל
מע זאָל עס הערן,
ווי די שטיל־געדעמפטע טענער
וואָס שוועבן
אַהער פון ערגעצדיקע ווײַטן
אַרום מײַן לעבן
וואָס כ׳קען עס מער נישט בײַטן.

## מיין מאַמעס טרערן

ס׳טויכט אויף יענער אָוונט וואָס קלינגט,
פאַרקלינגט מיטן צאינה־וראינה־ניגון
די מאַמע פלעגט דערביַי זיך וויגן:
— מיר זאָל זיַין פאַר דיר, מיַין קינד.

מיַין מאַמע טענהט (זי האָט רעכט געהאַט):
— דו האָסט געגעסן פלייש און נאָכגעטרינקען מילך.
מע דאַרף דאָך וואַרטן זעקס שעה ציַיט.
ווי האָסטו נישט פאַר גאָט קיין מורא
ווען ס׳ציטערט אויפן בוים אַ בלאַט.

— אַלץ, קינד מיַינס — זאָגט מיַין מאַמע מיר באַניַיס —
אַלץ ווערט געמאָסטן און געוווויגן.
צי האָט פאַרבלענדט דיר ווער די אויגן?
נאַ, גיב אַ קוק אין דרויסן אויפן רעגן־בויגן.

אַ צייכן ס׳איז פון גאָט ברוך־הוא אַליין
אַז מער קיין מבול וועט אויף דר׳ערד נישט גיין.
דו ביסט דאָך קינד מײַנס, אַ פאַרשטענדיק קינד,
נישט איין טרער פון דײַן מאַמעס אויגן רינט.

דו זינדיקסט קעגן גאָט, מײַן קינד, ס׳אַ גרויסע זינד!
דיך אַרט נישט, זע איך, ווילסט נישט הערן.
דו קוקסט אין הימל, ציילסט די שטערן.
עס זאָל דיר נישט פאַררעכנט ווערן...

ביז הײַנט איך טראָג אין מײַנע בלאָע אויגן
מײַן מאַמעס דורכזיכטיקע פערל־טרערן
געלײַטערט דורכן רעגן־בויגן.

## אַ זעקעלע ערד

### א

מייַן טאַטע איז געווען פאַרוועבט
מיט פּוילנלאַנד.
די פּעטע שוואַרצערד
און די מאָלערישע לאַנדשאַפט
איז נאָענט אים געווען
אָט ווי אַן אייגן העמד!

און מיט אַ מאָל, ווי איבער נאַכט,
ער זעט ווי שוואַרץ ווערט
דער בלאָער תּכלת-הימל
איבער זייַן קאָפּ.

ס'איז אים געווען באַשערט
אומצוקומען אויף דער פּוילישער ערד
פון דער נאַצישער האַק —
אַ מערדערישער פּסק.

ב

נישט איין מאָל האָט מײַן טאַטע
געלאָזט פאַלן סתם אַזוי אַ וואָרט
אַז דער פעטער חיים-לייב,
זאָל מאַריך ימים זײַן,
האָט באַהאַלטן פאַרן „גוטן אָרט"
אַ זעקעלע ארץ-ישׂראל-ערד.

ער האָט עס ליגן גרייט —
ווען די שעה וועט קומען.
וואָס זשע איז דאָ אַ סך צו רעדן,
נישט צו זינדיקן מיט די רייד
אנטקעגן גאָט —
סאַראַ מזל דער מענטש האָט!

דער פעטער חיים-לייב היט אָפּ
דאָס זעקעלע ערד
ווי אַן אויג אין קאָפּ.
און אַזוי ליגט ער במנוחה
אויף זײַן אייביקן געלעגער —
אָנגעלענט דעם קאָפּ
אויפן זעקעלע ערד.

ג

נאָר אים, דעם טאַטן מײַנעם
איז געװען באַשערט
אַן אַנדער גורל.
ער האָט נישט געהאַט די זכיה
װאָס דער פֿעטער חיים-לײב
צום הײליקן ביסל ערד
אונטער זײַן צו קאָפּנס.

דער גורל האָט אים צוגעטײלט
יסורים גרױסע, קלעפּ און פּײַנען,
אַ גזרה רעה האָט געהאַט מײַן טאַטע:
די דײַטשן-שלעגערס
האָבן אים גענומען אין דער קלעם.

ער האָט אױסגעהױכט זײַן נשמה
באַלײדיקט און פֿאַרפּײַניקט —
אױף קידוש-השם.

און אַזױ איז אים געװען באַשערט
צו האָבן זײַן געלעגער
אױף דער טשענסטאָכאָװער
טמא-ערד.

## דער צווייטער נס

נײַנצן פיר און פערציק,
אין פינפטן יאָר מילחמה.
ס'ליגט פוילנס ערד צעטראָטן
דורכן דײַטשן אָקופּאַנט.

פון די יידן איז געבליבן דאָ שוין ווייניק.
צוויי אַלטע לײַט פאַרפאָלגטע
הויט און ביינער
שטייען שטום בײַ אַ וועג
הינטער טשענסטאָכאָוו —
אויסגעדאַרטע, צוויי סקעלעטן —
די טאַטע־מאַמע מײַנע.
זיי זענען
מער נישט צום דערקענען.

נישט פאַרגאַזט און נישט פאַרברענט,
נישט געבונדן האָט מען זיי די הענט
און נישט די אויגן.

דער נאַצי־הונט וועט נישט אויף דעם
קיין איבעריקע צײַט פאַרלירן.
פאַר זיי וועט זײַן גענוג
צו ליגן אויסגעצויגן
אינעם פלאַכן גרוב
און מיט אַ ביסל ערד
בלויז צוגעדעקט פון אויבן,
זיי מעגן דאָרט אין גרוב
וואָס זיי האָבן מיט די הענט
אַליין אים אויסגעגראָבן
זיך וואַרפן, רירן
מיטן קאָפּ, מיט הענט און פיס.

די דײַטשן — שיכּור, בגילופין —
האָבן ס׳ביסל ייִדן אַרײַנגעשמיסן
אינעם מאַסן־קבר־גרוב,
מיטן שפּיצרוט ביז בלוט געשמיסן,
זיי לעבעדיקערהייט באַגראָבן.
מיטן ביסל ערד בלויז
צוגעדעקט די האַלב־לעבעדיקע גופים.

ווען די דײַטשן זענען שפּעטער
פונעם קבר־גרוב אַוועק
האָט אומגעריכט באַוויזן זיך דער רעטער
אין געשטאַלט פון טשאַטעם הונגעריקע פייגל,
וואָס זענען האַסטיק אָנגעפלויגן
און מיט די שנאָבלען שאַרפע
גענומען אָפּשאַרן און וואַרפן
די ערד אין אַלע זײַטן
און די לעבעדיק־באַגראָבענע,
וואָס האָבן נאָך געאָטעמט,
זענען תחית־המתים אויפגעשטאַנען.
און איינער האָט דעם צווייטן
פונעם קבר־גרוב אַרויסגעצויגן —

איצט שטייען זיי,
די טאַטע־מאַמע מײַנע
ווידער נײַ־געבוירן
אויפן קרייצוועג פונעם טראַקט.
זיי קוקן אוים אַ פויער
אָן אָרנטלעכן — אַזאַ איינער
וואָס מע זאָל אים קאָנען אָנגעטרויען
דאָס אייגן זעקל ביינער.

— מענדל, זע, ס׳קומט אָן אַ גוי
מיט געשפּאַן, מיט פערד־און וואָגן.
אָט איז ער שוין פאַרביַי דעם צלם
פון פּרוכנע האָליץ ביַים וועג.
אפשר וועט ער טון מיט אונדז אַ חסד
און אַרויפנעמען אויפן וואָגן,
אונדז אויסבאַהאַלטן אין זיַין כאַטע,
אין שיַיער צי אין קעמערל,
מיר זאָלן קאָנען איבערלעבן...
— צירל! האַרציקער טאַטע!
דער ערל האָט זיך נישט געצלמט.
ער מוז אַוודאי זיַין אַ הונט מיט אויערן,
איינער פון די רוצחים.
גלייבט ער נישט אין צלם
האָט ער אויכעט נישט קיין הארץ,
קיין רחמנות נישט אויף קיינעם.

— מענדל, היט זיך, דו קוק בעסער
צי האָט ער נישט פאַרשטעקט קיין מעסער.

— רבונו דעלמא כולו!
איז טאַקע נישט פאַראַן

משה־בינעם לעדערמאַן

כאַטש איין גוטער גוי
וואָס זאָל אין אַן עת־צרה
דיר אויסשטרעקן אַ האַנט?
וואָס זאָל זיך, צו זײַן שאַנד,
אויף דיר נישט וועלן וואַרפן...
ס׳איז ערגער נאָך פון סדום,
סדום איז דאָך געווען שוין אַ גן־עדן...
מיר שטייען, צירל, דאָ
בײַם סאַמע ראַנד
פון אַ טיפן, פינצטערן תהום.
ס׳ווערט אין אַלע אברים קאַלט...
קום, צירל, קום,
מיר וועלן אפשר מיט גאָטס הילף
זיך דערשלאָגן ביזן וואַלד
נאָכן אויפשטיין
פון באַגרעבעניש...
ס׳וועט זײַן, דו הערסט מיך, צירל,
אַלצדינג מן השמים.
אַז מיר וועלן אים, דעם שונא
איבערלעבן —
וועט עס זײַן דער צווייטער נס.

## מיין טאַטנס טויט

### א

יעדער שבייסצענאַכטס נאָך הבדלה
האָט מײַן טאַטע אויסגעגאָסן אַ ביסל ווײַן
פון דער קידוש־כּוסה אויפן טיש בײַם סאַמע ראַנד
און מיטן געפלאַכטענעם ליכט אין האַנט
אונטערגעצונדן דעם ווײַן, וואָס ברענט
מיט פלאַמיקן געראַנגל פון געהיימע כּוחות
וואָס שאָטענען זיך אָפּ אויף אַלע ווענט.

געכאַפּט האָט ער דעם פלאַם מיטביידע הענט,
ווי אַ סגולה צו פּרנסה, אין די קעשענעס אַרײַן.
אויסגעטרוקנט זאָל ווערן אויפן טיש דער ווײַן
און קומען זאָל צו שווימען, פאָטער, דו געטרײַער,
וואָס מער, וואָס גיך, פון אַלע זײַטן, אָמן.
און מער האָט ער שוין נישט געהאַט קיין שרעק פאַר פײַער.

## ב

צו זײַנע פיר און נײַנציק יאָר אין טשענסטאָכאָווער געטאָ
באַפאַלן איז אין דער יום־כיפּור־נאַכט דער שפּעטער
דער נאַצי־אָקופּאַנט און מיט דער לאַנגער בײַטש
גענומען טרײַבן פון דער שטוב האָט אים דער דײַטש:
— אַרויס גיי, יודע, מיט די הענט אין הייך, אַרויס!
— דאָ בלײַב איך איבער! כ׳גיי אין ערגעץ נישט אַרויס! —
האָט דער טאַטע אים געוואָרפן אין פאַרשפּיצטן פּרצוף
די שטיקער פײַער־פלאַמען פון די אויגן
צונויפגעזאַמלטע פון אַלע שבייסצענאַכטסן.

ג

אין אָט דער נאַכט, אין דער כּל־נדרי־נאַכט
האָט זיך דער טאַטע מיטן דײַטש פאַרמאָסטן
נישט אָפּצוטרעטן — וויפל ס׳זאָל נישט קאָסטן:
— איך ריר זיך נישט פון אָרט! דאָ בלײַב איך מיט מײַן גאָט ! —
געשריגן מיט אַ גבורה אָט אַזוי — מײַן טאַטע האָט
מיט האַסט געשלײדערט אים די פלאַמענרייד,
דעם דײַטשישן רוצח אין זײַן צורה.
נו, מײַן טאַטע ס׳זײַניקע האָט אויסגעפירט.
דער דײַטש האָט אים אַ לעבעדיקן נישט אַרויסגעפירט
פון שטוב אַרוים. דער טאַטע האָט געהאַלטן וואָרט:
ער איז געבליבן אַ פאַרשטומטער אויפן אָרט.
באַצאָלט האָט ער פאַר זײַן עקשנות מיטן לעבן,
נאָר דעם נאַצי־מערדער אַ קדחת נאָכגעגעבן.

משה־בינעם לעדערמאַן

## מיין היימשטעטל באָדזאַנאָוו

באָדזאַנאָוו, מײַן היימשטעטל,
ס׳בענקט נאָך דיר דײַנס אַ בן־עיר.
איך ווייס אַז כ׳וועל דאָרטן בײַ דיר
נישט עפענען מער קיין מאָל קיין טיר
און נישט איבערטרעטן קיין שוועל.

ווען כ׳זע זיך צעלויכטן און העל
מאָל איך מיר אויס דײַן געמעל —
וואָס שענער, וואָס העלער, וואָס בעסער.

אַוודאי, כּדאַי, וואָלט געווען
צו מאַכן ס׳בית־עולם דאָרט גרעסער
און אײַנשליסן אַלצדינג בײַנאַנד
די געפאַלענע, הרוגים, קדושים,
און אומגעקומענע מיט פלערליי טויטן
אַפילו די יידישע הײַזער און קלייטן
מיט טירן פאַרהאַקטע אויף שלעסער,
ס׳בית־מדרש, די באָד מיט די פלויטן,
דאָס חדר, די ישיבה, די יידישע קלובן,
די אַלטע מאַסיווע גבירישע שטובן.

ס׳דאַרף קיינער נישט קיינעם באַגלייטן
צום טיפן, צום אָפענעם גרוב און —
קיין קדיש זאָל קיינער נישט זאָגן.
דיביימער בלויז וועלן שוין קלאָגן
אויפן גרויסן באַגראָב פונעם שטעטל —
אין יעדער פענצטער זאָל צאַפּלען און צאַנקען
אַ נר־תּמיד, אַ יאָרצייַט־ליכט־פלעמל,
ווי ס׳האָבן געלויכטן אַמאָל
אין די פענצטערם — די חנוכּה־ליכטלעך
און איבער די גאַסיקע שטיינער
זענען ייִדן געגאַנגען צו סליחות.
איצט שאָרכן דאָרט אויפן בית־עולם
פון שטעטל אין שוואַרצן געפלאַטער
די בייזע צעהוליעטע רוחות
אין שטעטל, מייַן היימשטעטל באָדזאַנאָוו.

צו אַלץ האָט געקומען אַ סוף.
אוים צדיק, אוים רשע, בעלי־חובות און זינדערם.
איצט לעבן די סדום־שכנים דאָרטן אין פרידן.
דאָס האָב און דאָס גוטס פון די ייִדן
זיי האָבן גערירשנט פאַר זיך,
פאַר זיך, פאַר קינדער, קינדסקינדער.

זיי גייען אַרום און זיי מאַכן אַ לעבן
אין שאָטן פון טויט, און מרידה
פון העלדישע ייִדישע שמידן
וואָס האָבן באַוויזן דאָ וווּנדער
אויף רעכטס און אויף לינקס געהאַקט און געשניטן
די דײַטשן וואָס האָבן געפּלינדערט,
געקוילעט די זקנים, די קינדער.

און צוגעקוקט האָבן די סדומישע שכנים
און גלייך אויך געהאָלפן דערהרגענען זקנים,
רצחענען קינדער און שענדן די פרויען,
באַרויבן און ירשענען ייִדיש פאַרמעגן —
אַ וועלט ווו מע קאָן נישט אַפילו געטרויען
דעם אייגענעם שאָטן וואָס קאָן אויך פאַרראָטן.

ווי וואָלט איך געזען אײַך אַרומגיין ווי שאָטנס
אויף אָט אַזאַ ריזיק בית־עולם —
אַ לעבנלאַנג, שטענדיק, אָן סוף —
ווי ס׳איז הײַנט מײַן היימשטעטל באַדזאַנאָוו —
ס׳פאַרוואָרפענע ערגעץ אין חרובן פוילן.

## אין אַ בונקער

וואַרשע, נײַנצן דרײַ און פערציק.
האָרכט, קינדערלעך, ס'איז נישט קיין מעשׂה,
פאַרלאָפן איז עס אויף דער וואָר, שוין יאָרנלאַנג צוריק.
די גאַסן זענען דאַן געלעגן אָנגעשנייטע, ווײַסע.

חיימל און חוהלע — צוויי קינדער אינעם געטאָ
אין אַ בונקער אויסבאַהאַלטן פאַר די רוצחים.
נישט קיין זון און נישט קיין רעגן האָבן זיי געזען.
טרויעריקע צײַטן זענען דאַן געווען.

זיי ווייסן נישט, למשל, ווי ס'זעט אויס אַ בוים,
אַ בוים אין פרילינג אָנגעטון אין ווײַסן צוויט.
זיי קענען אויך נישט דעם אויסזען פון קיין פייגל
און נישט דעם פלום פון כוואַליעס אויף אַ טײַך.

זיי חברן זיך דאָ אין בונקער בלויז
מיט קליינע מײַזלעך און אַ גרויסער מאַמע־מויז.
און ביידע — חיימל און חוה — ווייסן
ווי די גראָע פּיצלעך מײַזלעך הייסן.

די נאַכט איז אָן אַ סוף, אָן אייביקייט — די נאַכט,
אַ טויבע קבר־שטילקייט. נישט מע ווײנט און נישט מע לאַכט.
ערגעץ ווו אין דרויסן שײַנט די זון אין הייך
נאָר נישט פאַר זיי, בלויז פאַר די דײַטשן־הינט אין הייך.

און חיימל און חוהלע אין בונקער טיף אין דר'ערד —
זיי פּרוּוון זיך דערמאָנען אַלץ וואָס ס'האָט צו זיי געהערט.
די ליאַלקעס מיטן בערעלע וואָס ס'האָט דער דײַטש געכאַפּט
צעבראָכן זיי די הענט און פיס, די קעפּלעך זיי צעקלאַפּט.

— אוי, חוהלע — דו ווייסט נישט גלייבן וואָס איך וועל דיר זאָגן:
מײַן טאַטע האָט אַ שפּײַער — און ווי נאָר ס'וועט אויבן טאָגן
קומט ער אין באַהעלטעניש — מע לאָזט זיך מער נישט שלאָגן.
— און ער האָט נישט קיין מורא אַז ס'וועט דער דײַטש אים טייטן?

— וואָס טייטן, ווען מיר טייטן — דער גאַנצער געטאָ גרייט אים
דעם דײַטש אַ באָד, ער וועט אין אייגן בלוט זיך באָדן
אָן מײַן, אָן דײַן, אָן אַלע גוטע ייִדנס שאָדן.

וואַרשע. נײַנצן דרײַ און פערציק. קינדער,
הערט אַ שיינע טרויעריקע מעשׂה
פון געטאָ־קינדער נאָכן אויפשטאַנד
וואָס שפּאַנען מיט די לעצטע רעשטלעך
פון די געטאָ־פלאַמען פון די בונקערשע באַהעלטן
איבער גאַסן־שטיינער הייסע מיט די העלדן
צו די טויטוואַגאָנען אויפן אומשלאַגפּלאַץ —
נאָכן אונטערגאַנג פון זייערע אַלע וועלטן.

## מיר געהערן דיר

די טריט שטעל שטילע, קוים די ערד באַריר
ווען ס׳רייַסט פונאַנד דער שטורעם פענצטער, טיר.
דער שטורעמווינט דערנענטערט זיך צו מיר
און כ׳פיל ווי אונטער מייַנע פיס דעם באָדן איך פאַרליר.

דער טראָט נישט איין מאָל אינעם וועג פאַרפירט.
אַזוי פיל שטח פעלדער ליגן אומבאַרירט!
געדולדיק וואַרטן זיי, פאַרעקשנטע, אויף דיר, אויף מיר.
מיר וועלן קומען דאָרט אַהינצו פריִער, שפּעטער:
— ערד, פיר איילנדיקע, מיר געהערן דיר!

## מיר האָבן אַ בריליאַנט

מיר האָבן אַ בריליאַנט —
אַ געשאַנק פון מײַן מאַמע
וואָס איז אַליין אַ בריליאַנט.

דאָס צירונגשטיק איז אַ ירושה
שוין פון לאַנגע יאָרן צוריק.
מע היט אים ווי אַן אויג אין קאָפּ,
ווײַל ווי ס'זאָל זיך נישט מאַכן —
מיט אים איז לײַכטער
צו עפענען אַ טיר.

— מע דאַרף זיך היטן —
פלעגט די מאַמע זאָגן —
זיך נישט אָנוואַרפן אויף מענטשן.
מיר דאַרפן אַליין
זיך טויגן צום לעבן —
אַזוי האָט זי די מאַמע
אירע קינדער דערצויגן.

זי אַליין איז קיינעם
נישט געפאַלן צו לאַסט.
זי האָט זיך געלאָזט
פאַרוויגן פון דער רו.

נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן.
טאָמער מאַכט זיך וואָס —
האָבן מיר דאָך אַ בריליאַנט!

איז אונדז טאַקע דער בריליאַנט,
נישט דווקא אין קיין עת־צרה,
געקומען צו ניץ:

— איר פאָרט, קינדערלעך, אַוועק,
איר לאָזט זיך אין אַ לאַנגן וועג,
טאָ פאָרט געזונטערהייט.
אוי, וועל איך עס בענקען
נאָך אײַך, נאָך אײַער שמייכל,
נאָך אײַער בליק...

איך ווייס אַז אין דער פרעמד
שפּילט נישט צו דאָס גליק,
מע טאַפּט דאָרט אָפּט אַ וואַנט.
בעט איך אײַך דעריבער,
זאָגט מיר קיינס נישט אָפּ.
כ'וועל אײַך שענקען דעם בריליאַנט.
און שטיל געלאָזט אַ טרער
אויף דער ערד
אַראָפּ.

מיר האָבן דעם בריליאַנט
געהיט. ס'הייסט, געהיט?

אויפגעפּאַסט אויף אים,
באַהאַלטן אויפן בעסטן,
אויפן זיכערסטן אָרט.
געהיט, געוואַכט, געטראַכט,
געפיבערט,
און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט.
ווי ס׳זאָל זיך נישט מאַכן,
אין לעבן טרעפט זיך דאָך
פאַרשידענע זאַכן,
נו, איז אַ בריליאַנט דאָך דאָ!

אָבער אויף דער וואָר
איז אַלץ נישט ווי מע נעמט זיך פאָר.
אַוועק אַ יאָר און נאָך אַ יאָר
דעם איידלשטיין מיר האָבן,
ווי דעם גרעסטן אוצר,
אָפּגעהיט.
וועגן גיין דעם שטיין פאַרזעצן?
דאָס האָט נישט געקאָנט געשען.

מע האָט שוין נישט באַדאַרפט
מ׳איז מיט אַלצדינג שוין
געווען פאַרזאָרגט.

אַבער דאָך,
וויפל איז ווערט אַזאַ קילאַט? —
מ׳האָט זיך גלאַט אַזוי געפרעגט.
— אַזאַ קילאַט האָט נישט קיין פּרייַז.
— וואָס הייסט?
— ס׳הייסט, אַז ס׳איז נישט צום באַצאָלן.
— אַ בריליאַנט פון אַזאַ מין גרייס
האָט נישט קיין פּרייַז.
נאָך דערצו אַז ס׳איז —
זיך אויסצומאָלן —
ירושה־צירונג פון לאַנג,
פון לאַנגע, לאַנגע אַמאָלן
און דער מאַמעס שענסטער געשאַנק —
דער מאַמעס טרער.
איר בריליאַנטענע טרער.
ווייַס, אָן שום קלער —
אַזאַ בריליאַנט
האָט נישט קיין פּרייַז.

## איך פאָר קיין אַרגענטינע

### א

איך פאָר קיין אַרגענטינע
שוין אײַנגעפּאַקט די זאַכן
ס׳געפּעק ליגט בײַ מײַן זײַט
איך האָב שוין רײַזע־פיבער
די דראָשקע וואַרט שוין גרייט
אויף מיר, דעם פּאַסאַזשיר
וואָס פאָרט קיין אַרגענטינע.

מיט האָפענונג און פרייד
כ׳בין פול ביז איבער ברעגן.
פון די צעצווײַגטע וועגן,
פון אַלע לענדער זיבן,
וואָס זענען מיר געבליבן,
דעם איינעם אויסגעקליבן
האָב איך. איך האָף אַ נײַע
היים דאָרט צו געפינען.

און פלוצעם מיטן דרינען
איך הער ס׳נעמט עמעץ שרײַען
כ׳דערקען דאָס קול פון שכן —
צעשפּאָלטן, אָפּגעבראָכן,
פאַרשיכּורט, הייזעריקלעך,
אַ צעריסן קול אויף שטיקלעך :
— זשידקו ! ... מאָשעק ! ... פּשאַקרעוו !
דו פאָרסט קיין פאַלעסטינע...

דער שכן, דער מטורף
באַגלייט עם מיך אַזוי
ווי ס׳געזעגנט זיך אַ גוי.
די אויגן זײַנע ברענען
פול שפּאָט,
פול גאַל,
פול שׂנאה.

ב

מײַן טאַטע שטעלט די טריט.
פאַרטרויערט, שטום, געבויגן.
ער האָט נישט ווו אַהין
צו טון די רויטע אויגן —
אַראָפּגעלאָזט צו דר'ערד
פאַרוויינטיקט און פאַרטרערט.

ער גייט פאַרטראַכט. ער שווײַגט.
כ'וואָלט שווערן אַז ער וויינט.
דאָס ברעכט זיך אָפּ אַ צווײַג
פון יחוס-בוים, פון שטאַם,
וואָס וועט פאַרטראָגן ווערן
מיט די כוואַליעס פונעם ים,
ווו ערגעץ אין די ווײַטן,
אין די וועלט-מרחקים
צו אומגעאַנטע גליקן
וואָס וואַרטן אין באַראַקן,
אויף ווילדע וויסטע ערדן

וואָס ייִדן וועלן דאָרטן
פֿאַראַקערן, פֿאַרזייען
מיט בלוט, מיט זייערע שווייסן.

און אויפֿבלִיען אין רייען
וועלן ייִדישע קאָלאָניעס,
ווי ס׳האָט עס אויסגעחלומט
דער ייִד, דער באַראָן הירש.

די פֿעלדער פֿול מיט הירזש,
מיט תּבֿואה, ווייץ און קאָרן,
מיט רייַטערס אויף די פֿערד,
מיט שטיוועלעך באַשפּאָרנט.

ס׳איז אַלץ דאָרט צו געפֿינען
אין ווייַטן אַרגענטינע,
ווו די פֿעלדער אייביק גרינען.

ג.

מײַן טאַטנס באָרד אין ווינט
צעטײלט איז איצט אין צווייען,
איין טײל אויף רעכטס צעצינדט
אַ זוניק־העלער שטראַלנבינט.
דער צווייטער טײל אויף לינקס
פאַרטונקלט פונעם שאָטן.

ס'איז שבת הײַנט אין שטאָט און
כאָטש פאָרן איז פאַרבאָטן,
מיר לאָזן זיך צום באַן.
מיר גייען נישט געאײַלט
דער וועג געדויערט לאַנג.

מיר מאַכן שפּאַן נאָך שפּאַן
און וואַרטן נאָך אַ ווײַל
ביז וואַן די באַן קומט אָן
מיט רעש, גערויש, מיט רויך —
אַ פלאַכטע ווי אַ פאָן.

ד

דער שנעלצוג איז געלאָפן
מיט גיכקייט פון אַ ווינט
און אין פאַרטאָג אין גראָען
קיין וואַרשע אונדז געברענגט.

מייַן האַרץ צעוויטיקט, ס׳צוקט...
מיר טרעטן אין באַגינען
אויפן וואַרשעווער ברוק,
אויף די שטיינער גראָע —
מיר צוויי פּראָווינצער ייִדן
מיר זעען אַ נייַע וועלט —
וואַרשע. פרימאָרגן־גאַסן
פון וויַסל יאָגט אַ קעלט.

ייִדן מיט טליתים
צום דאַווענען שוין גייען
מיט טשאַפּעדיקע טריט:

— די שול איז דאָ נישט ווײַט —
מיר גייען מיט זיי מיט.
מײַן טאַטע שטעלט זיך זאָגן
אַן ערשט קאַפּיטל תהילים.

און מיט אַ קול אַ שטילן
ווי מיט אַ כליפּען, קלאָגן
רעדט ער צו מיר גיך:
— דו פאַרסט אַוועק — און איך
ווו וועל איך דאָ פאַרבלײַבן?
— זאָרג נישט טאַטע — זאָג איך —
איך וועל בריוו דיר שרײַבן
און די וועסט קומען, קומען
מיט די ערשטע שוואַלבן...

## ה

צענעמט ער זײַנע הענט,
מײַן טאַטע: — געוואַלד, עס ברענט!
און לאָזט די הענט אַראָפּ:
— געראַטעוועט ביסטו, מײַן קינד —
פון זײַן פאַרלאָפן אויג
אַ טרער אַ הייסע רינט —
מיר זענען דאָך איין גוף...
ווי קאָן מען אים צעהאַלבן?

און צווישן מיר און אים
טרעט באַלד אַרײַן אַ שווײַגן.
אָט אַזוי, איך פיל און זע,
ווערן אָפּגעהאַקט די צווײַגן.

די באָרד בײַם טאַטן ציטערט
זילבערט זיך צעפּעדעמט
און אַלץ אין מיר איצט וויינט,
מײַן לײַב און לעבן ביטערט.
אַ שטערן גליט אין נאַכט
די באַן גיט שאַרף אַ פײַף.

ז

דער שנעלצוג רירט אין וועג
און גיך אַוועקגעשלעפּט
מיך צו אַ פּאָרט, אַ ברעג.
אַ הימל. שיף און ים.

און טעג און נעכט און טעג
און אָנגעקומען כ׳בין
אין ווײַטן פרעמדן העק —
אין זונלאַנד אַרגענטינע.
אין אָט דעם נײַעם לעבן
האָב איך זיך גיך געפינען
נאָר ווו אַהינגעקומען
די ביינער און די אַשן
פון מײַן טאַטע זענען,
וואָס כ׳זע זיי אַלץ נאָך ברענען?...
ווו וועל איך זיי געפינען? —
דאָס ווייס איך נישט ביז הײַנט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## די חלום־שיף

די חלום־שיף וויגט זיך און וויגט
אויף די כוואַליעס פון מײַן געמיט.
אָט גיט זי אַ גיי אין דער הייך
און לאָזט זיך אַ גרינגע אַרונטער.
באַלד ווערט פון דער שיף —
סאַראַ ווונדער! —
אַ הילצערן וויגל.
געשווינד
גיט די צײַט
זיך אין אויגנבליק אַ בײַט
און כ׳זע זיך אַ קינד,
אַ קינד אינעם וויגל.

איך פריי זיך מיט קינדערשער פרייד.
די מאַמע זיצט בײַ מײַן זײַט
און וויגט מיך,
פאַרוויגט מיך
מיטן וויגליד
פון ראָזשינקעס
און מאַנדלען.

און פּלוצעם
די מאַמע בלײַבט זיצן
מיט הענט אויסגעשפּרייט,
ווי אין שרעק,
צעפּיבערט, צעגליט:
— וואָס טוט זיך מיט דיר?
וואָס טוט זיך מיט מיר?
ווי קומסטו אַהער אין דער וויג?
ווי קומט עס זאָלסט ליגן נאָך דאָ
אין קינדערשן וויגל?
אַז ווייִ און וויסט איז מיר!
די שלייפן בײַ דיר
זענען גראָ!

איך גיב זיך אַ בויג
און כ׳זע אין איר אויג
שפּיגלט זיך
אָפּ דער פּײַן
פון מײַן פּנים:
— כ׳בין זינדיק אוי, מאַמע,
איך ווייס
וואָס דאָס הייסט —

כ׳האָב אַ וויסטן תל געמאַכט,
צעטרענצלט דײַן מאַמישע מי...

— מיר זאָל זײַן, מײַן קינד,
פאַר דײַנע זינד,
פאַר דײַן צער און פּײַן.

און מײַן מאַמע וויינט אין מיר אַרײַן
און קושט מיר היים
דעם שטערן.
און באַלד ווערט פון דער וויג —
אוי, סאַראַ וווּנדער! —
אַ שיף,
די גרויסע חלום־שיף
וואָס גייט אַרויף־אַרונטער,
וויגט זיך אויף די כוואַליעס
פון מײַן צעוויגט
און צעווייטיקט געמיט,
און ס׳וויגט זיך מאַיעסטעטיש
די חלום־שיף
אַרײַן אין מײַן ליד.

## אָדם און חוה

אָדם איז אין גן־עדן־וואַלד.
ס׳איז אים ווייסט און קאַלט.
ער ווייסט נישט וואָס באַהאַלטן,
וואָס פאַרדעקן, וואָס אַנטבלויזן.

לעבן זיך — זײַן ווײַבל חוה
גרייט אים צו אַ טעפּל קאַווע.
זי דערמאָנט אים, נישט פאַרגעסן
ס׳גן־עדן עפּעלע צו עסן.

ס׳איז מיטאָג. אָדם עסט זיך אָן.
אין הויף צעקרייעט זיך דער האָן,
ער יאָגט זיך נאָך דער ווײַסער קוואַקע
וואָס לויפט אַרום אין הויף צעשראָקן.

די קוואַקע קוואַקעט: — ס׳גייט אַן איי!
דער האָן בלײַבט ווי פאַרכישופט שטיין.
און חוה, קוקט זיך צו צו זיי
און קען נישט זייער מיין פאַרשטיין.

זי כאַפּט זיך אָבער, חוה, באַלד
פאַרשעמט צו אָדמען זי שרײַט:
— דו ווייסט פאַרוואָס עס איז דיר קאַלט?
דו גייסט דאָך נאַקעט, זע, פאַרשײַט!

זי מאַכט אַ צודעק אים, צו שיצן
זיך קעגן רעגן, ווינט און קעלט:
— ס׳איז גוט צו פּוסנס דיר צו זיצן...
ווי שיין איז די גן־עדן־וועלט!

# קין און הבל

קין און הבל —
צוויי לײַבלעכע ברידער.
ביידע צווישן זיך
זענען שטענדיק קידער־ווידער
און איינער פֿונעם צווייטן
האַלט זיך פֿון דער ווײַטן,
נישט ווי גוטע ברידער.

הבל האָט שעפּסן,
שאָף און רינדער
אַריבער די הונדערט.

און קין וואָס האָט?
וואָס האָט קין? —
אַ האַמער, אַ האַק און אַ דלאָט
פֿון האָלץ און פֿון שטיין.

ס'איז אַלצדינג נאָך ערשטיק,
בראשיתדיק,
באַלד אין דער פֿרי
פֿונעם וועלטבאַשאַף.

ס׳איז נאָך קענטיק
דער ערשטער טראָט
פון גאָט
וואָס האָט
באַשאַפן הימל־ערד
אין פרילינגדיקן בלי.

און הבל לאָזט זײַנע פי
זיך פּאַשען אויפן פעלד,
ווי אים געפעלט.
און ס׳מערן זיך בײַ אים אַצינדער
די שעפּסן מיט די רינדער.

צו קין אָבער געהער
די בעסטע טיילן ערד.
ער קען שווערן
אַז דאָס האָט אים גאָט
אַליין געגעבן מיט זײַן גנאָד.

ער קען זיך נישט קיין אָרט געפינען
און שפּריצט מיט קנאה־שינאה.
אויף הבלען, זײַן ברודער.

האָלט ער, קין,
אין איין ביטערן און שרײַען:
אויף זײַנע, קינס, פעלדער
לאָזט ער, הבל, די שעפּסן פיטערן...
ער פּוצט זיך און קליידט זיך
אין לעדער און אין פעלץ.
געבראָטענע שעפּסעלעך
גרייט ער אויף מיטאָג,
דער צדיק אין פעלץ.

פון הבלס מאכלים
קומט אים, קינען,
די סלינע
אין מויל.

און וואָס ס'איז געוואָרן דער סוף? —
אַ שאָד אַן איבעריק וואָרט:
ביז היינט טראָגט נאָך קין
אויף זײַן שטערן
דעם קין־צייכן
פונעם ערשטן ברודער־מאָרד.

# נאָכן מבול

דאָס מבול־וואַסער פאַלט.
ס׳באַווײַזן זיך די קרוינען
פון די ביימער
און אויפן האָריזאָנט
קומען אָן,
ווערן נענטער,
נאָנט —
די קאָנטורן
פון אַ וואַלד.

אין נחן טויכן אויף
די איינזאַמקייט־יסורים,
ווי אין חומש איז באַשריבן:
פון אַלע בן־אָדמס
אויף דער וועלט
איז ער, נח
דער איינזאַמסטער געבליבן.

אים דריקט דער פּיַין
פון פאַרטרינקענעם,
פאַרפלייצטן
און פאַרוויסטן לעבן
נאָכן מבול.

ווען וועט ער, נח,
איבערגעבן,
דערציילן
די מעשׂה פונעם מבול
און נחס תּיבה?

אין וועמענס האַרץ
וועט איצטער אָפּהילכן
זײַן וואָרט?

נישטאָ שוין מער
אויף אָט דעם עולם
קיין זיכער אָרט
ווו אויפצוגיין
און ווו פאַרגיין.

געבליבן איז ער, נח,
ווי אַ שטיין —
אַליין.
נישטאָ מיט וועמען אויסטוישן אַ וואָרט,
זיך דערוואַרעמען
מיט אַ וואָרט פון טרייסט,
מיט גוטע מענטשלעכע רייד.

ס'יערט אין אים,
אין נחן,
די מורא
פאַר זײַן גורל,
צי וועט אים סטײַען כּוח
צו לעבן ווי אַ מענטש
צווישן סטײַעם חיות,
צו פאַרבלײַבן —
נח.

די יורשים זײַנען:
שם און חם און יפת —
טוען ווײַטער
איינער דעם אַנדערן

אַלץ צו להכעיס,
פאַרגינען נישט דעם אַלטן
ס׳ביסל נחת
פון די בנים.
און ווי די בנים
אַזאַ איז ס׳פּנים
פונעם טאַטן.

און נח נייגט זײַן גראָען קאָפּ
פאַרזאָרגט,
פאַרטראַכט.
ער פילט ווי גראָער נאָך ער ווערט
וואָס ס׳איז אים באַשערט
צו לעבן נאָכן מבול
אויף אַ פּוסטער ערד.

דער זונפאַרגאַנג
אַן אויסגעצוואָגענער
רויטלט זיך אַנטקעגן אים
און גיסט אויף פּורפּורווייט
דעם קאָפּ אים אָפּ —

אין אָנקום פון דער ערשטער נאַכט
נאָכן אָפּפלוס ראַשיקן
פון אַלע מבול־וואַסערן
אויף גאַנס געשטראָפּטער ערד.

און שם און חם און יפת —
זע, וואָס האָבן זיי,
די בנים זײַנע דרײַ,
פון דער וועלט געמאַכט !

## יעקבס חלום

יעקב שלאָפט אין פעלד
אויף אַ שטיין צו קאָפּנס
און ס'חלומט זיך אים, יעקבן,
אַן אויסטערלישער חלום:
ער זעט אַ לייטער אויפגעשטעלט —
אַזאַ מין הויכער לייטער
וואָס גרייכט אַרויף
מיט זײַן שפּיץ
דעם קלאָרן בלאָען הימלישן געוואַנד
ווי מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

אויפן לייטער,
ווי אויף אַ יאַריד —
זעט ער, יעקב —
אַ גרויס געווימל.
אַ סך מלאכים
נידערן אַראָפּ פון הימל
און אַנדערע מלאכים
גייען אַרויף אין הימל.

יעקב האַלט די אויגן צוגעמאַכט
און טראַכט:
ווער האָט דעם לייטער
פון אַזאַ זעלטענער גרייס
דאָ פאַרגרייט
און ווער איז דער
וואָס באַפעלט און הייסט
די מלאכים קלעטערן
אַרויף־אַרונטער?
און איינער יאָגט
דעם צווייטן אַריבער?

און יעקב וועקט זיך איבער,
קומט אויף פון שלאָף
און אוים מיטן ווּנדער.

מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן,
ווי ער וואָלט אַלץ נאָך דרימלען
אַ פאַרוועבטער מיט די חלום־פעדעם,
מלאכים, הימלען —
זעט ער,
ס׳דערנענטערט זיך צו אים אַ מלאך

אין דער אויסטערלישער חלום-נאַכט,
און ס׳קוועלט אין אים די חשיבות
וואָס אים איז עס געווען באַשערט
צו ראַנגלען זיך אַ גאַנצע נאַכט
מיטן מלאך
ביזן ערשטן אויפשפּראָץ
פונעם נייַעם טאָג.

משה־בינעם לעדערמאַן

## גאָלד אין מידבר

### א. די יידן גייען אַרויס פון מצרים

משה רבינו מיטן לאַנגן שטעקן
און זיַין ברודער אַהרן ביַי זיַין זיַיט
גייען אַרום צווישן שקלאַפן־ברידער
און גיבן זיי אין געהיים צו וויסן:

— זיַיט גרייט, מיר אַלע ייִדן אין מצרים,
אויב איר ווילט נישט בליַיבן שטעקן
אויף דער בויאַרבעט ביַי פּרעהן,
זאָלט איר וויסן אַז אין חודש ניסן —
קיינער פון די מיצרים טאָר דערפון נישט וויסן! —
גייען מיר אַלע אַרויס פון מצרים,
באַפריַיטע ציִען מיר אָפּ אין מידבר.

נאָך פיר הונדערט יאָר שקלאַפעריַי
לאָזן מיר די מיצרים איבער
די שוואַרציע אַרבעט אין דער שטיינהאַקעריַי.

די געלע מידבר־זאַמדן
וועלן גיכער זײַן אונדז ליבער
ווי די גוטע פיש וואָס מיר פלעגן
כאַפּן אינעם נילוס־טײַך
לכּבוד שבת.

נאָר קיינער זאָל פון אײַך
נישט אַרויסגיין פון מצרים ליידיק.
פון דער שׂריפה דאַרפט איר ווערן רײַך.

זעט זיך אָנצובאָרגן
בײַ אײַערע מיצרישע שכנים
זייערע גאָלדענע חפצים,
ס׳צירונג זייערס און ס׳זילבערנע געשיר —
אַלץ וואָס זיי האָבן פאַראיבעריקט
פון אײַער אַרבעט אויף זייער חשבון,
אַלץ וואָס איר האָט אויסגעאַרבעט
מיט אײַערע געניטע הענט —
דאָס אַלץ איז אײַערס.

דער גורל איז אין אײַך געווענדט.
נעמט זיך אָפּ פאַר דער גאַנצער צײַט.
און מיט די מיצרים מאַכט אַ בײַט.

איר וועט איצטער ווערן פרייַ
און שקלאַפן זאָלן זיי פאַר אייַך.

ווייַטער האָבן ביידע אין פאָלק אָרייַנגעטענהט:
גענוג געוועזן ביַי זיי די שלעפ־בהמות!
נעמט אָפּ בייַ זיי דאָס האָב און גוטס!
נעמט מיט מיט זיך די מעלק־בהמות.

די קעלבער בלויז
וועלן מיר זיי איבערלאָזן
און זייער הויז
און אויך די פאַשע־גראָזן
פאַר זייערע שאָף און רינדער.

יאָ, גיט אַכטיק אויף די קינדער!
די וועגן, גאַסן זענען שיפּע, שמאָלע.
ס'קליינוואַרג קאָן פאַרלוירנגייין
אין דער מהומה און בהלה.

ווי די שפּאַרבערס האָבן זיי,
די מיצרים אונדז צעריסן.
איצט וועלן מיר פון זייער גוטס געניסן.

מיט זייער גאָלד און זילבער
וועלן מיר שוין קריגן אַלץ —
אי פלייש, אי ווייַן, אי ברויט, אי זאַלץ.

גאָלד איז אומעטום אַ קערן,
גאָלד איז ליכט.
אויסגעלייזט און אויפגעריכט
מיר וועלן ווערן.

מיר נעמען אונדזערס אָפּ ביַי זיי,
ביַי די רייַכע מיצרים.
מיר וועלן זיי גאָרנישט שענקען.
ס'וועט קיינער נישט פון זיי
די שטראָף פאַרמייַדן.
זיי וועלן אונדז האָבן צו געדענקען
אויף אַלע צייַטן.

## ב. דער לאַנגער וואַנדערוועג
## אין די הייסע מידבר־זאַמדן

אָט איז שוין דער טאָג,
דער לאַנג־דערוואַרטער,
אָנגעקומען.
דער איַינגעשפּאַרטער
פּרעה,
דער מלך פון מצרים,
האָט זיך אין זיַין פּאַלאַץ
זיכער נישט געריכט
אַז ס'קומט אַ סוף
צו דער שקלאַפֿעריַי —
אַז אַלע שקלאַפֿן וועלן
פֿאַרלאָזן די שוועלן
פֿון זיַין לאַנד
אין געהיים
און לאָזן אים אַליין.

דער טאָג איז גראָד
געווען אַן אָפּרוטאָג
און פייַערלעך האָט
אויסגעזען די שטאָט.

די רייַכע מיצרים זענען
געבליבן אין די היימען,
געפּיפּקעט די נאַרגילעס
לויט זייער רגילות.
און די ייִדן איבער
גאַנץ מצרים,
פון נילוס-טײַך ביז גושן
זענען געגאַנגען איבער
די שטיבער
פון די מיצרים —
זייערע רייַכע שכנים —
און אָנגעבאָרגט מיט שטילע רייד,
מיט אַ ברומען פון אַ פרומען,
מיט אַ ווונק אַ שטומען —
גאָלדענע און זילבערנע חפצים אַלערליי,
ס'צירונג זייערס און מזומן —
גאָלד און זילבער-רענדלעך.

אַרויסגעגאַנגען ענדלעך
זענען זיי, די ייִדן פון מצרים
צופרידן, שטילע, אָן געשרייען —
באַלאָדנטע מיט פולע קוישן
גאָלד און זילבער.
זיי האָבן זיך אַרויסגעשאַרט
אָן שאָרכן, אָן גערוישן
פון דער שטאָט
וואָס האָט געכאַפּט
אַ נאָכמיטאָג־דרימל
אונטער אַ ליכטיקן
אַ בלאָען הימל.

ס'איז שווערער אַלץ געוואָרן
דער זאַמדוועג.
געשלעפּט, געטראָגן
מ'האָט די קוישן און ס'געפּעק
אונטער ברענענדיקער זון
בײַ טאָג
און ווינטן, קעלט בײַ נאַכט.
זיך קוים דערוואַרט
ס'זאָל אָנהייבן טאָגן.

נאָר גענומען האָט מען אַלץ פּאַר ליב
אַבי מע דאַרף נישט מער
האָרעווען אַזוי שווער
ביי פּרעהן אין מצרים.
די זון האָט אַלץ געפּייערט,
ווי קופּערפּאַנען אָפּגעשייערט,
נישט אויפגעהערט
צו בראָטן און צו ברענען,
און ווען די ייִדן
די מידבר־גייערס זענען
שוין מיט אַ טראָט אַ מידן
סוף־כּל־סוף
אויך דעם ים־סוף
איבער געקומען,
האָבן זיי פּאַר פרייד
גענומען טאַנצן,
רוישן,
ברומען
און ס׳יונגוואַרג האָט געהאָלפן
משהן זינגען
ווי אין פּסוק שטייט:
אָז ישיר משה...

## ג. דער צעבונטעוועטער מידבר־דור
## טאַנצט אַרום גאָלדענעם קאַלב

דאָס זונעלע הערט אַלץ נישט אויף צו ברענען
די הייסע מידבר־זאַמדן זענען
געוואָרן טיפער און געדיכטער
און די מידע טריט אין זאַמד
צוזאַמען מיט די קרעכצן
זינקען, זינקען...

פערציק לאַנגע יאָרן
איז דער דור־המידבר
אָפּגעגאַנגען אין די זאַמדן.
גראָ און אַלט געוואָרן
און קיין ראַנד פון לאַנד
נאָך נישט געזען אַלץ
פאַר די אויגן.

די מידבר־ייִדן האָבן
פאַר דער צײַט
אַ גרויסן טייל
פון מידבר־דור
אין זאַמד באַגראָבן —
די ביינער דאָ געלאָזן
פון די געפאַלענע אין גיין.
נאָר די האָפענונג
ערגעץ צו דערגיין
האָט נישט אויפגעגעבן קיינער.

נאָך שׂמחות און נאָך צערן,
נאָך אַלע פריידן און ליידן,
נאָך ביטערע געוויינען
איבער פאַרפאַלענע געביינען
נאָך אַלע טרויערן,
ווי אין לעבן טרעפט
און ווי ביַי מענטשן איז פאַראַן
שוין נישט ווײַט פאַר די טויערן
פון אויסגעבענקטן לאַנד כּנען —
אויסגעמאַטערט און דערשעפּט
פון לאַנגן וואַנדערן,

פון גיין אָן טאָלק, אָן זין —
אָנגעטראָגן האָט זיך אַ כאַמסין.
דער פײַערדיקער מידבר־ווינט,
וואָס גליט און בריט
און יאָגט אויף בלינד,
אַרײַנגעכאַפּט האָט אַלעמען
אין זײַנע אָרעמס.
געשיט זיי זאַמד אין ד׳אויגן,
אין מויל און אין די אויערן.
צונג און גומען — טרוקן ווי אַ לעדער
און דאָרשטיק איז געווען יעדער.
געשפּרונגען זענען פײַערדיקע רעדער
פאַר די אויגן. און אין מידבר
איז נישטאָ — דאָס ווייסט דאָך יעדער —
מיט וואָס דאָס האַרץ זיך צו דערקוויקן.
ס׳הערט נישט אויף אין קעל צו שטיקן.
און ס׳כאַפּט אַרום, ווי דער כאַמסין,
דער מחנה גייערס גרוים באַדויערן.
ס׳חרטה־פײַער שײַטערט, אײַטערט.
ס׳נעמט אָפּ דער חשק שוין צו זינגען.
אומזיסט געשלעפּט מיט זיך אין וועג
בראַסלעטן, אוירינג, רינגען,

קופּלעס גאָלדענע און קופּערפאַנען.
ס׳גאַנצע גאָלד און זילבער —
קוישן, פולע הויפנס,
אַז וואָס צו קויפן
איז דאָ נישט פאַראַנען,
און וויפל ס׳שטייט נאָך פאָר צו שפּאַנען...
וואָס זשע טויגן אונדז, ווער דאַרף זיי —
די פענדלעך מיט די רענדלעך?
כאָטש נעם און וואַרף זיי
אין ים פון זאַמד אומענדלעך,
צי גאָר אין פייער.
— אין פייער!
— אין פייער! זאָל אַלצדינג ברענען!
נישט די מיצרים זענען
געבליבן צו נאַר.
די נאַרן זענען מיר, די נאַרן.
דאָס זענען אונדזערע הויכע ראַנגען —
וויפל זענען שוין אין מידבר אויסגעגאַנגען?!
וויפל האָבן זיך שוין נישט געקאָנט דערהאַרן
דעם סוף פון לאַנגן וועג?
ערשט איצט,
נאָך שטורעם, דונער, בליץ

און נאָכן דערגרייכן
דעם מידבר סיני,
ווען משה איז אַרויפגעשטיגן
אויפן סיני־באַרג,
געשוועבט דאָרט אין די הימלהייכן —
האָט זיך ס׳מידבר־פאָלק געהיצט —
נאָך וואָס נאָך שלעפּן ווײַטער
ס׳פאַרמעג אין וועג?
ווו איז אַהרן?
אַ חוץ אַ וואַכמאַן
איז דאָך אַהרן
אַ גרויסער ספּעץ,
אַ גאָלדשמיד אַ פאַכמאַן,
אַ מײַסטער פון אויסשמידן
גאָלדענע טאָלערס.
זאָל ער מאַכן, זאָל ער
פון די קופּעס גאָלד
אַ קאַלב אַ געץ!
נאָך וואָס צום גאָלד נאָך קלעפּן?
דאָס טראָגן, שלעפּן
אינעם מידבר ס׳גאָלד
איז אַן אַרבעט פאַר אַ יאָלד,

אַ לץ,
און נישט פאַר אונדז:
— אַהרן, ווו ביסטו, אַהרן?
— כ׳בין דאָ! כ׳בין דאָ!
וואָס אַזוינס האָט איר געוואָלט?
וואָס איז אַצינד ס׳געאייל ביי אייך?
איר זענט דאָך אַלע רייך!
נאָר אָן געאייל!
— דיין יעדער וואָרט, אַהרן,
איז אין האַרץ אַ פייל!
דו הער אונדז בעסער אוים מיט קאָפּ,
און נעם פון אונדז דעם באַרג אַראָפּ.
נאָך וואָס טויגן אונדז די טאָלערם מיט די קלינגערס?
קלייב צונויף דאָס גאַנצע גאָלד
וועט אונדז ווערן אַ ביסל גרינגער.
מיר ווערן דאָך נישט יינגער,
ס׳האָט ס׳גאָלד שוין נישט פאַר אונדז קיין ווערט.
זע ס׳פּנים אונדזערס, שוואַרץ ווי ערד.
פול קנייטשן — פאַלב אויף פאַלב!
דו מאַך פון גאָלד אַ גאָלדן קאַלב,
אַ קאַלב אַ געץ.

און אַהרן האָט געזען די אויסגעשפּרייטע נעץ:
אַז ס'איז שוין גאָר נישט מער צום לאַכן.
מיט אָט דעם מידבר־דור
וועט ער גאָרנישט מאַכן:
— נעמט צונויף דאָס גאַנצע גאָלד!
און אַהרן האָט געוואָלט
געווינען צײַט,
האָט ער דאָס גאָלד
געקליבן און געגרייט,
געמאָסטן און געוויגן
און אַזוי זיך שפּילנדיק
איז די צײַט געפלויגן,
געפלויגן ביז פאַר אַלע אין די אויגן
איז אויסגעוואַקסן
אַ גאָלדן קאַלב.
בײַ פײַערן — שטורקאַצן,
בײַם געפּויק פון פּײַקל, טאַצן
געלאָזט האָט זיך גרויס און קליין
אין אַ התלהבותדיקן טאַנץ גיין
אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב.

## ד. משה צעברעכט די שטיינערנע לוחות
## און קורח ווערט איינגעזונקען

פּלוצעם האָט אַ קנאַל געטון
מיט דונערן און בליצן
גלייַך ווי ס׳וואָלט דער הימל זיך געשפּאָלטן.
געהאָרכט האָט מען פון ווייַטן,
אַרום פון אַלע זייַטן —
שופרות בלאָזן:
— משה גייט!
— משה קומט!
משה איז דאָ!
דער פּאַטריאַרך משה,
מיט דער צעפּלאַמטער באָרד
האָט זיך באַוויזן
מיט די לוחות אין די הענט.
פערציק טעג נאָך אַנאַנד
דעם שטיינטאָוול האָט
משה געגרייט
מיט די אויסגעקריצטע צען געבאָט.

איצט וועט ער מאַכן זיי באַקאַנט
דעם מידבר־פאָלק.
אין זײַן גאַנצער גרייס
ער גרייכט
אין הימלהייך
און מיט די פיס ער שטייט
אָנגעשפּאַרט פעסט
אויף דער ערד.

און משה באַפעלט מיט זײַן דונערדיקער שטים:
— זאָל אהרן קומען גלײַך צו גיין!
— אהרן, זאָג ווו זענען
אונדזערע ברידער,
די אַחינו בני ישׂראל?

— זיי טאַנצן, משה, פאַרן קאַלב
געמאַכט פון גאָלד.

— זיי דינען צו אַ גאָלדן קאַלב?! —
ווערט זײַן שטימע שאַרפער, דינער —
זענען זיי דאָך געצנדינערם!

— ניין, זיי דאַרפן מער נישט ס׳גאָלד.
ביז איצטער — זאָגן זיי פאַרצווייפלט —

זענען זיי געווען דער קאַלב
און איצט וועט זיין דאָס גאָלד — דער קאַלב.
פריִער — טענהן זיי —
האָבן מיר געדינט די מיצרים
איצט בלייבט אונדז דינען
צום גאָלדענעם קאַלב.

— וועט איר אַלע איצטער,
ברידער מיינע,
צו אַ גאָלדענעם קאַלב זיך בוקן?
צי קאָן דער עגל הזהב
העלפן אייך אין אייער שטאַנד? —
פייערט משה מיט די לוחות אין דער האַנט.

ער גיט אַ הייב זיי העכער
איבער זיין צעפלאַמטן קאָפּ
און גיט אַ וואָרף די לוחות
צו פוסנס פונעם באַרג אַראָפּ
און ס׳צעפּאַלן זיך אויף שטיקער
די צען געבאָט.

— משה! משה! הערט זיך ס׳קול פון קורחן —
צי מיינסטו אַז דאָס האַלטן ס׳גאָלד אין מידבר

איז נישט ווי דינען צו אַ געץ?
וועמען ניצט אין מידבר גאָלד?
וואָס האָסטו געוואָלט
אַז ס'זאָל דאָס גאָלד
דעם מידבר מאַכן גרינען?
אויב נישט, הייסט עס דען נישט
צו אַ געץ צו דינען?
זיי גלייבן נישט אין גאָלד.
דאָס האָבן זיי געוואָלט
אַ גאָלדן קאַלב זיך מאַכן
בלויז צום לאַכן.
מיט דײַנע צען געבאָט
וועסטו זיי אַנדערש שוין נישט מאַכן
און דו שרײַסט נאָך אויפן שוואַכן?!

— — — — — — — — — — — —

צעטרייסלט און צעוואַקלט האָט
זיך מיט אַ מאָל די ערד.
דער הימל שווער ווי בלײַ
איז מיט וואָלקנס שטויב געווען פאַרלאָפן.
פון אַלע זײַטן האָבן זיך געטראָגן,
דונערן און בליצן.

די ערד נעמט קראַכן
אונטער די פיס.
נישטאָ זיך ווו צו שיצן
פון דער סכּנה.
אָט האָט זי זיך, די ערד,
געשפּאָלטן און אים אַ לעבעדיקן
איינגעשלונגען אין איר אינגעווייד,
אים קורחן מיט זיינע מענטשן.
אויפן אָרט די שטראָף אים
האָט געטראָפן.

אַזוי איז שוין אויף אַלע צייטן
געבליבן:
מיט קורחן וועט קיינער זיך נישט בענטשן,
ווי אין די הייליקע ספרים ס׳איז
מיט פייערשריפט פאַרשריבן.

## נימרוד און זיינע לייט

דעם תּקיף־הערשער, נימרודן, איז מיט אַ מאָל
געוואָרן אַלץ דערעסן, פּריקרע און דערווידער
אַפילו זײַנע הויף־פּאָעטן מיט די חניפה־לידער.

ער הערט נישט אויף צו טראַכטן אין פֿאַרבליפּטקייט,
ער וויל דערגיין וואָס ס׳טוט זיך אינעם הימלטאָל,
דאָרט אויבן אין דער מיסטעריעזער טיפקייט
וואָס ליכטיקט, פינצטערט הויך איבער זײַן קאָפּ
מיט וואָלקנס — אומהיימלעכע לופטגעשטאַלטן
וואָס ווערן אָפּגעדעקט און אָט — באַהאַלטן.

ער פילט ווי ס׳זינקען זײַנע שווערע פיס אַראָפּ
אין דער ווייכער נאָכגיביקער ערד.
אַ צוגעשמידטער, ווי אַ קנעכט, צו איר ער ווערט,
און דערצאָרנט הייסט ער בלאָזן אינעם האָרן.

ער פאַרזאַמלט אַרום זיך זײַן המון־עם:
— איך האָב אײַך דאָ גערופן נישט אַזוי זיך סתּם,
אין מײַנע רחבותדיקע פּאַלאַצן איז מיר ענג געוואָרן.

ווי האָט אַ זין פּאַר אונדז צו לעבן בלויז פון האַנט צום טאָפּ!
מיר מוזן וויסן און דערגיין אַ ווו געפינט זיך גאָט.

ס׳האָט נימרוד גלײַך באַשלאָסן און געהייסן טאָן.
אָנהייבן זאָל מען אָנהייבן פון סאַמע אויבן אָן.
אַליין מיר מוזן זען ווער ס׳זיצט דאָרט אין דער הייך
אויבן גאָט? — דאַן מוזן מיר מיט אים זײַן גלײַך.
מיר וועלן צוריקדרייען די ווײַזערס פונעם זייגער.

בײַ נימרודן איז, ווי זײַן שטייגער, גרויס דער נייגער,
און ס׳דריקט אים, ווי געהעריק, זײַן זכּרון,
געזאָגט און גלײַך געטאָן מוז ווערן, וואָרן
וויסן דאַרף מען אַז ווען נימרוד זאָגט
אויף נאַכט אַז ס׳איז איצט העלער טאָג,
ווייסן אַלע אַז ס׳איז טאָג און נישט קיין נאַכט.

און נימרוד שטייט אַ שטאָלצער, קוועלט און לאַכט.
און שוין האָט ס׳פאָלק די הענט צענומען
און צו דער שווערער אַרבעט זיך גענומען,
גענומען בויען קײַלעכיקע טורעמהייכן
צו קענען ווי צום גיכסטן אויבן גאָט דערגרייכן.

ווי נימרוד האָט דעם פּלאַן פאַרטראַכט,
ווערט אַלץ מיט שׂכל און מיט טאָלק געמאַכט.

אַ שטורעם גייט און ס׳קומט אַ שטורעם.
מע בויט אַ הויכן הימל־טורעם,
מע בויט מיט היץ, מיט ברען, התמדה,
מיט גלאַטע ווענט נאָך יענער מאָדע.

די בני־דור נימרודס, האָבן זיך
געפּלייסט, געהאַמערט און געבויט.
נישט איינער איז געפאַלן טויט.
אַלץ העכער וואַקסט דער טורעם גיך.
די ווענט פון קיזלשטיין און ציגל,
די טיר און ס׳פענצטער — יעדער מיט זײַן ריגל.

שטאָק אויף שטאָק צום רוים אַרויף
עמערס קאַלך מע ציט אַרויף,
די אַרבעט רוט נישט, הערט נישט אויף.
אָט נעם, פאַרדרייַם דעם קאָפּ אין הייך:
— נאַ זע, ס׳איז דאָרט געדעקט דער דאַך!
דער שפּיץ פון טורעם איז פאַרמאַכט.

ווי פריִער ציִען זיך די שטריק
נאָר איצט גייט אַלצדינג אויף צוריק.

די שטיינער פירט מען איצט אַראָפּ.
די בויערס בייגן שטום דעם קאָפּ.

ס'איז קיינער פון זיי שוין מער נישט מונטער.
די מויערערס קלעטערן אַרונטער,
ווי פאַרשעמטע, פאַרבלייכט, פאַרטרויערט.
זיי האָבן זיך אַליין פאַרמויערט
אינעם הויכן טורעם-מויער
אָן אַרויפגאַנג, אָן אַראָפּגאַנג
ווי אַ באַרג מיט שיפן אָפּהאַנג,
צווישן גלאַטע טויבע ווענט
פאַרשטעלט פון הימל, ערד און שטערן,
פאַרמישפּט דאָ דערשטיקט צו ווערן.

איצט קרעכצן זיי די נימרוד-לײַט,
מע הוסט, מע שפּײַט, מע קלאָגט, מע שרײַט,
פאַרשפּאַרט פון הימל ווי אַ שטראָף.
זיי וואַרטן אָפּ דעם אומקום-סוף,
ווײַל דער מטורף נימרוד האָט
געוואָלט אַליין דערגיין צו גאָט
ווי ס'הערשט דאָס זונליכט וואָס באַלײַכט
דאָס גאַנצע הימל-קיניגרײַך.

משה־בינעם לעדערמאַן

## חוני המעגל

חוני המעגל גייט פאַרביַי דעם וועג
און זעט ווי איינער פלאַנצט אַ באָקסערבוים.
בלײַבט ער שטיין פאַרכאַפּט ווי פון אַ טרוים
בײַם ברעג פון וועג וואָס פירט אין ווײַט אַוועק.

דער בוים וועט געבן פירות — טראַכט ער —
נישט פריִער ווי אין זיבעציק יאָר אַרום:
— וואָס טויג דײַן מי, דו שוטה — לאַכט ער —
דײַן מי איז, דאַכט זיך, ווי דײַן שׂכל — קרום.

— ווי כ׳זע, האָסטו אַ קורצזיכטיקן בליק
און וועגן מאָרגן רעדסטו ווי אַ בלינדער.
דאָס לעבן גייט פאָרויס און נישט אויף צוריק.
געניסן וועלן פונעם בוים — נישט מיר — די קינדער.

## ירושלים

די טײַכן טרערן
וואָס זענען בײַ די תּפילות
דורות לאַנג
פֿאַרגאָסן דאָ געוואָרן
בײַם כּותל המערבי —
זיי וואָלטן קאָנען
אַ מידבר מאַכן גרינען.

מיר שטייען שטיל און שווײַגן
בײַ דער טרערנוואַנט
פֿון שטומע שטיינער —
שטיין אויף שטיין.

אַליין —
מיר זענען, ווי די שטיינער —
שטומע.

מיר, די פּיענקעס
פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד —
מיר שטיקן אין זיך
געוויין און געוואַלד,
דעם לייבנגעברום
וואָס מיר הערן נישט אויף
אין זיך צו ברומען.

פון איטלעכן שטיין פון דער וואַנט
קוקן אַרונטער אויף אונדז
דורות צעפלאַטערטע אויגן.
מיר נעמען אויף זייערע בליקן
מיט נשמה־ציטער אין האַרץ
און פילן זיך שטאָלץ און דערהויבן.

ס׳האָט אַ מאָל שוין אַ דיכטער געזונגען
אַז מיר זענען געבענטשטע צו זײַן
אַזוי פיל ווי דאָס זאַמד איז בײַם ים,
זיך צו פרוכפּערן און מערן
און ווערן אַזוי פיל
ווי אין הימל די שטערן.

מיר זענען איצט טאַקע
ווי מידברשע זאַמדוואַלן, שוועלן
אונטער אַ הימל אַ טיפן מיט שטערן.
נאָר דעם מידבר, דעם נגב מיר וועלן
באַפרוכפּערן, דורכאַקערן
פאַרגרייטן צום זייען
מיט שווייס און מיט טרערן.

איצט שטייען מיר דאָ ביַי דער וואַנט,
בײַם כּותל — אַ שטיין אויף אַ שטיין —
מיט אויגן פאַרפײַכטע פון טרערן,
מיר שטייען איצט שטאָלצע,
די קני נישט געבויגן,
מיטן קאָפּ צו די הייכן פאַרהויבן
און שיקן אַרויף אונדזערע לויבן
צום הימל אויבן —
פאַר אַלע גענאָדן
וואָס זענען אונדז געטון געוואָרן
מיר זאָלן מער נישט זײַן באַלאָדן
מיט דער שווערער משׂא
פון די גלות-יאָרן,
און ס׳זאָל די אוירה דארץ-ישׂראל

אונדז אויף לאַנגע צײַטן דינען
דאָ ווו מיר האָבן זיך אַלע
צוריק אָפּגעפינען.

אים אשכּח ירושלים
תּשכּח ימיני.
מיר וועלן
קיין מאָל נישט פאַרגעסן
דײַנע שוועלן,
ירושלים!

ווי ס׳בלוט אין אונדזערע אָדערן,
וועט די בענקשאַפט אין אונדז פליסן
און אונדז די גאולה־טעג פאַרזיסן
וועסטו אונדז,
ירושלים.

און הערצער וועלן קלאַפּן
דערהויבן פול מיט גלויבן
ווען ס׳וועלן פלאַטערן אויבן
איבער אונדזער קאָפּ —
די ווײַסע שלום־טויבן.

## מיין תּפילה

גאָט מיַין, גאָט,
איך קום צו דיר צו גיין
מיט מיַין תּפילהדיק וואָרט
וואָס זוכט פאַר זיך אַ תּיקון.
אין מינוטן אָנגעשפּאַנטע
קריַיז איך אַרום מיַין וועלט,
ווי אַן אַסטראָנאָט —
דעם אוניווערס.

איך זוך צו געבן אַ תּיקון
מיַין שטילן טרויעריקן פערז:
דעם שוויַיגנדיקן שאָטן
וואָס לייגט זיך אָפּ פון דער וועלט:
דעם עלנטן וואָס פרירט פון קעלט,
דעם הונגער וואָס שמייכלט פאַלש
אומשולדיק-פאַרשטעלט
און דעם תּמעוואָטן נאַר
וואָס ווייס נישט אויסצומיַידן געפאַר;
וואָס לאַכט און וויינט.

איך זוך צו געבן אַ תיקון
דעם וואָס לויפט אַן איַיליקער
אַריַין אין וואָכיקייט פון טאָג;
דעם פּאַר וועמען ס׳איז הייליקער
דער באַגינען, דער אָנהייב טאָג,
וואָס דער מענטש הייבט זיך אין אים אָן
צוריק צו געפינען,
איידער דער זינדיקער פאַרנאַכט
מיט זיַין גיהנומדיקן
צעפיַיערטן זונפאַרגאַנג
איבער דעכער
און העכער
ביזן הימלראַנד.

איך זוך צו געבן אַ תיקון
דעם וואָס שרעקט זיך פאַרן
אָנקום פון דער נאַכט,
פאַר זיַין מורא און פאַרדאַכט
פון לויערנדיקע געפאַרן.

איך זוך צו געבן אַ תיקון
די וואָס ווערן אויפגעגעסן פון קנאה,

פאַרוועריעמט פון אומזיסטער שׂנאה,
פאַר טאַטע־מאַמעס אַרויסגעוואָרפענער מי
צו מאַכן פונעם קינד אַ לײַט,
פאַרן גיכן מענטשלעכן פאַרבלי,
פאַרן זקנס געראַנגל און פּרווו
צו געפינען אין אומרו — די רו.

איך קום צו דיר צו גיין
און בעט דיך פון אָט דעם אָרט
מיט מײַן שטילער תּפילה:
גיב מיר דאָס אמתע וואָרט
אויסצודריקן דעם אומרו פון מײַן פערז
וואָס לײַטערט זיך אין מיר
און וויברירט אין מײַן האַרץ,
ווי אַ ליכטשטראַל
וואָס ווערט פאַרלוירן
אין אוניווערס.

משה־בינעם לעדערמאַן

## חלום מיינער

ביסט, חלום מייַנער, אייַנגעשפּאַרט.
אַפילו אין דער וואָר איך וואַרט
אויף דיר, זאָלסט קומען גיך צו שוועבן
מיט חלום־ליכט באַלייַכטן ס׳לעבן,

וואָס קאַרגט מיר ס׳ביסל פרייד און שפּאָרט
זי מיר אין שאַרפער האַרבער וואָר
וואָס שמייַסט מייַן לייַב ווי מיט אַ רוט,
אַ פייַערדרוט וואָס שמייַסט ביז בלוט,
אַ וואָר פון פּייַן, געשריי, געוויין,
אַן אייַנגעביסענע פון וואָלפנציין.

חלום מייַנער, זייַ כאָטש דו אַצינדער
גוט צו מיר, איך זאָל נישט ווי אַ בלינדער
אַרומגיין, אין די הימלען שוועבן,
צו מאָל דעם טעם נישט וויסן וואָס ס׳איז גוט.
כ׳האָב דיך אַ מאָל געוואַרעמט אין מייַן בלוט.

דו ביסט געווען דאָך אַלץ וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט
און דו האָסט פּוח מיר געגעבן — לעבן.
איך בין אַ מאָל אַרומגעגאַנגען אין דײַן סאָד.
די קאַרשנביימער האָבן ערשט געבליט.

פאַרלוירן האָב איך אַלץ וואָס ס'האָט
דאָס לעבן מיר געגעבן. כ'בין שוין מיד
פון לעבן וואָס האָט מיך געלאָזט דאָ שטיין —
אַ בוים אַן איינזאַמער אויף אַ פּליין אַליין.

נישט דו ביסט שולדיק, חלום מײַנער, גאָט באַהיט!
כאָטש דו האָסט אָפּט מיר אויפגעדעקט דעם סוד
פון גורלם זאָגן יאָ און שאָקלען מיטן קאָפּ אויף ניין.

ווי וואָלט אויסגעזען די וועלט אָן טרוימען?
כ'האָב אַמאָל געגלייבט אַז אָט אַזוי ווי זוימען
וועט אַ פרילינג אויפגיין העל צעבליט
און קינדער וועלן וואַקסן אויף דער פוילנערד
מיט זמירות, קידוש און מיט ייִדיש אויף דער ליפּ
און מלכותדיק אַנטקעגן גיין דער זון פון מאָרגן

אַזוי ווי ס'איז פֿון הימל זיי געווען באַשערט
אויף דער טויזנטיאָריקער פֿאַריִדישטער ערד.
אויסצושטראַלן איבער גאָר דער וועלט דאָס ליכט
וואָס איז געווען אין זיי מיט סוד פֿאַרבאָרגן.

כ'האָב געהאַט אין זיי פֿאַרטרויען — אומגעריכט
ביסטו מיר, חלום ליכטיקער, ווי איבער נאַכט —
דורך בייזע וויסטע רוחות אויסגעטראַכט —
מיר אויסגערונען אונטער מײַנע הענט.

כ'האָב דיך, חלום מײַנער, מער שוין נישט דערקענט.
אַוועק איז אַלצדינג ביז די גרונטן מיטן פֿײַער
און מיטן רויך און אַש פֿאַרטראָגן פֿונעם ווינט
איז אויך פֿאַרשווינדן ס'ייִדישע און הנעוודיקע קינד.

איך האָב געהאָפֿט, געחלומט אויף דער נײַער ערד
וועלן מיר אויף ס'נײַ דאָ וואַקסן אומגעשטערט,
מיט מי, מיט שוויים און פֿרייד מיר אַקערן די ערד
נאָר דער חלום מײַנער איז אויף אייביק שוין צעשטערט —
מײַן פֿאָלק פֿון יענעם חלום ליגט פֿאַרדעקט מיט ערד.

## מיר גייען צוזאַמען

ווי גיך איַילט דער לעבן-געלויף !
אין לויף ווערט פאַרשלינגען דער היַינט.
זיַין שטראָם האַלט אונדז ביידע צונויף —
געאָרעמט ווי צוויי גוטע פריַינד.

דער אויפשפּראָץ פון גרעזל דערפרייט
און ס׳קוויקט דיך דער ווינט אין די האָר.
דער ים זיַינע ריחות פאַרשפּרייט
און קינדיש געלעכטער קלינגט קלאָר.

מיר גייען צוזאַמען און טראָגן
דעם געטלעכן סוד פון „אחד״
ביז ווען ס׳וועט די לעצטע שעה שלאָגן —
אין איינעם מיר האַלטן מיט טראָט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אין אייביקן פאַרקרייז

איך קום
אַן אומגעריכטער גאַסט
צו גיין צו דיר.
און זאָג מײַן נאָמען
ווער איך בין און וואָס איך וויל.
מיך אַרט נישט ווי דו וועסט פאַרשטיין
דעם מענטש
וואָס קומט צו דיר צו גיין
אָט ווי די כוואַליעלעך
וואָס פאַלן צו צום ברעג,
אָט ווי ס׳גראָז
וואָס ס׳שפּראָצט
אין שפּאַלט פון שטיין.

ווער ווייס
וואָס ס׳וועט מיט אונדז דאָ זײַן
אין דער צעוויגטער
אומרויִקער צײַט

ווען ס׳וואַקלט זיך דאָס לעבן
ווי אַ שטריקלגייער
אויפן שטריק.

גיב אַ כאַפּ אַ בליק
אויף צוריק
און אויפן טאָג וואָס קומט
נאָכן טאָג וואָס איז אַוועק —
כּסדרדיקער בייט
און איבערטוויש פון צייט.

ס׳איז נאָגנדיק אַזוי
אומעטיק און באַנג
דער זונפאַרגאַנג,
דעם מענטשנס פאַרגיין —
אי גורלדיק
אומפאַרמיידלעך
אי כאַאָטיש
אָן אַ סדר,
לײדער,
אַ צופאַל בלויז,
אַ כאַפּ אַרויס,

אַ ריס, אַ פּליק,
אַ צופּ, אַ שלעפּ.
געווען, נישטאָ —
פון צײַט פאַרשלעפּט.

אַזוי די טעג
אַזוי די נעכט —
אַ קומען און אַ גיין —
אַ קינד קומט אויף דער וועלט,
אַ זקן גייט פון דער וועלט.
אַ קומען אין פרייד
אַן אַוועקגיין אין לייד.
נאָך אַנאַנד
בײַטן זיך די טענער
פונעם וועלטגעזאַנג
פון זונאויפגאַנג
ביז זונפאַרגאַנג,
קינד און גרײַז
אין לעבנגאַנג,
אין אייביקן פאַרקרײַז.

## דער לעבנרינג

ביים ערשטן שמייכל פונעם קינד —
די מאַמע פרייט זיך און זי קוועלט
און ס׳קוועלט מיט איר די גאַנצע וועלט.

וואַקסט דאָס קינד אַזוי, געשווינד,
באַלד געזעגנט זיך עס אָפּ.
וויינט די מאַמע, בייגט דעם קאָפּ,
נאָר אָפּן שטייט די וועלט אַצינד.

ס׳גייט פאַר זיך דאָס קינד אַוועק,
ס׳קלײַבט אַליין זיך אויס דעם וועג.

דער גורל פירט די מענטשן בלינד:
— כ׳האָב מײַן באַשערטן שוין באַקענט —
זאָגט ס׳קינד די בשׂורה האַלב־פאַרשעמט,
די האָפענונג די ליכט צעצינדט

און טאַטע־מאַמע פול מיט פרייד
צו דער חופה זענען גרייט.
די צײַט לויפט גיכער פונעם ווינט.
דער חתן שײַנט, די כּלה שײַנט.
— דײַן שענסטער טאָג, מײַן קינד, איז הײַנט...
שוין נאָך דער חופה פונעם קינד.

און טאַטע־מאַמע שטיל פאַרקלערט
לאָזט פאַלן היים אַ טרער.

די צײַט בינד אויף, די צײַט פאַרבינדט,
געשלאָסן איז דער לעבנרינג
וואָס איז נישט צום באַשיידן גרינג.

## די צייט

די צײַט האָט אונדז צו פרי צעקאַרבט,
צעקנייטשט דאָס פּנים פאַר דער צײַט,
צום לעבנקאַמף אונדז צוגעגרייט.
דער פּײַן, ווי ווילדגראָז, אונדז באַגלייט
אין לעבן ביז די זון פאַרגייט.
די ליבע טוט זיך אירם — פאַרזייט
די זוימען אינעם לעבנבײַט.

די חלום-זאַנגען — שניטצײַט — כ׳שנײַד
און פול דער שײַער איז מיט פרייד
וואָס גייט געפּאָרט מיט פּײַן און לייד.
איך זוך נאָך אַלץ אויף אַלץ באַשייד.
מײַן בליק כ׳ווענד אין פאַרגאַנגענהייט:
ס׳גרווילט אויף אַ בילד — אַ לאַנגע קייט
פון אַלץ וואָס לעבט און אַלץ וואָס שטאַרבט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַרטור זיגעלבוים

ווער האָט אים דען, אַרטורן, אין פּוילנלאַנד
נישט געקענט? זײַן נאָמען איז געווען
אין אַלע קרײַזן ווײַט און בריט באַקאַנט.
דאָס פּנים זײַנס מיט זומער־שפּרענקעלעך באַשפּרענקט.

אין די ערשטע רייען פון אַרבעטער־בונד,
אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס אויבן אָן
האָט מען אַרטור זיגעלבוים געזען,
דעם קאָפּ פאַרריסן און געשטרעקט אַרויפצו
צו דער רויטער פאָן
פון בונד געווענדט.

געפלאַטערט האָט די פאָן
אין זײַנע זיכערע פאַרטרויטע הענט —
אַ פלאַם וואָס רײַסט זיך הויך אין רוים.

אָט אַזוי איך זע די זיגעלבוים־געשטאַלט
אויפן ערן־פּיעדעסטאַל,
אָן אויפגעהויבענע אויפן מאָנומענט —
דעם קדוש אַרטור זיגעלבוים.

ווי האָט ער, אַרטור, איינרוען געקענט,
ווען די מערדערישע נאַצים האָבן
אומגעברענגט די ייִדן אין די געטאָס,
געוואָרפן זיי אויף שײַטערס און געברענט,
אין די מאַסנגריבער לעבעדיק באַגראָבן.

די אייגענע, די שוועסטער־ברידער זײַנע
פֿאַרוואַנדלט האָט דער דײַטש אין זייף:
רייניודנפעטס — דעם שאַנדנאָמען פֿאַרקירצט אויף „ריף".
פֿון יעדער שטיקל ריף־זייף האָט ייִדיש בלוט געטריפט.

געקלינגען האָט דאָס קול זײַנס זינקענדיק אין פּײַן:
— ווי קען איך צוזען ווי מײַן פֿאָלק גייט אײַן,
גייט אויס... ווי קען איך רויִק זײַן און שווײַגן,
ווען אין פּוילן, אין די געטאָס ווערן
אַרומגעהאַקט און אָפּגעהאַקט די צווײַגן
פֿונעם ייִדישן מאַרטירערישן בוים?

ווער האָט זיך אויף דעם געראָכטן?
די ייִדן ווערן טאָג און נאַכט געשאָכטן.
און אין זייערע צוגערויבטע קליידער
ווען מאָרגן זיך די דײַטשן קליידן,

און קיינער וועט קיין וואָרט נישט זאָגן, ליידער.
די וועלט וועט זיי נאָך אויסשטרעקן אַ האַנט
און פירן נאָך עסקים מיטן דײַטשנלאַנד.

די וועלט — האָט ער געזען — איז טויב און בלינד.
פונעם ייִדנמאָרד דערפילט זי נישט דעם ריח.
דער ריח ווערט צעטראָגן פונעם ווינט.
און אַרטור איז אַרויף אויף דעם מזבח,
געברענגט זײַן אייגן לעבן פאַר אַ קרבן
אַ ין ווי אַ קדוש איז ער, זיגעלבוים, געשטאָרבן.

און אין זײַן נאָמען וועלן מיר דעם חשבון מאָנען
און בײַ געבויגענע אין טרויער פאָנען
דעם קדוש אַרטור זיגעלבוים
וועלן מיר דערמאָנען.

## צווישן פיר ווענט

דער עלנט — דער תּליון — נעמט שטיקן
מיט קאַלטע, ביינערנע הענט.
ס׳ווערט ענג מיר די וועלט מיט די גליקן
און ס׳גייען צונויף זיך די ווענט.

איך זע מיך — אַ דאָרן וואָס ברענט,
וואָס ברענט און וואָס וויל אַלץ נישט ווערן
פאַרברענט. ס׳זענען שטעכיק די הענט
און שטעכיק אין הימל די שטערן.

פון פײַער, וואָס ברענט אַרום מיר,
צינדן זיך אָן די פיר ווענט
און כ׳טרעף שוין נישט מער צו דער טיר...
איך שטרעק אין דער לופטן די הענט.

אַזוי גייען טעג מיר פֿאַרלוירן
אין טײַוולשן שפּיל — קידער־ווידער.
נאָך שטורעם — אויף ס'נײַ כ'ווער געבוירן
און ס'הייבט זיך דאָס לעבן אָן ווידער.

און ס'פֿירט מיך דער חלום אַלץ ווײַטער,
אָט פֿאַל איך אַרונטער, אָט הייב איך זיך אויף,
ווי די מלאכים אויף יעקבס חלום־לייטער
וואָס גייען אַראָפּ און אַרויף.

## כ׳האָב קיין מאָל נישט פאַרטראָגן

כ׳האָב קיין מאָל נישט אויף זיך פאַרטראָגן
די בײַטש, דעם שפּאָן, באַפעל: — דו מוזסט!
ס׳זאָל עמעץ מיר אַ דעה זאָגן.

איך פיל די זון ווערט מיר פאַרשטעלט
און וואָלקנס גראָע ציִען, דראָען.
איך שווידער אויף פון היץ און קעלט.

ס׳שטײַגן ווי בײַ שמשונען די בלוטן:
— תמות נפשי עם פלישתּים!
און כ׳טרעט נישט אָפּ פון זיך לחלוטין.

# דעם פרימאָרגן אַנטקעגן

דעם פרימאָרגן אַנטקעגן
קומט די פרייד
פון שטוביקער רו.

דו עפנסט די אויגן
און פילסט
יעדער ווינקל
אָטעמט מיט גוטסקייט,
געמיטלעכקייט,
מיט גליקזעליקער רו.

דאָס מויל האַלטסטו צו,
געשלאָסן
פאַר סתּמיקע רייד,
פאַר סמיק גערייד.

דו עפנסט עס אויף
אויף צו זאָגן:
— גוטמאָרגן!
ס'איז גוט אַלץ
אַזוי ווי עס איז:
איך נעם אַלץ פאַר ליב
אַלץ וואָס ס'איז באַשערט,

וואָס כ׳בין עס ווערט
און וואָס כ׳בין עס נישט ווערט
אַבי מע האַלט זיך אויף די פּיס
און מ׳האָט זיך נאָך נישט אָפּגעזאָגט
צו קערן וועלטן.
דער טאָג קומט אַרײַן —
אַן אָנגעלייגטער גאַסט —
אין דײַן היימישער שטוב
מיט האָפענונג, מיט גלויבן
אין אַלע זוניק־צעבלענדטע שויבן:
מיט פריידיקן אָנזאָג
אויף אַ נײַעם מאָרגן —
אָן דאגות,
אָן עולן,
אָן זאָרגן.

טאָ פאַר וואָס
שפּאַרט דער אומרו
אין מײַן געביין?

דער שאָטן גייט מיר נאָך
אַן אײַנגעשפּאַרטער,
באַגלייט מיך אויף טריט און שריט,

גייט אומעטום מיט מיר מיט,
וויל נישט אַוועק,
זיך אָפּטיילן פון מיר
ער וויל נישט אפּערגיין
פון אונטער מײַנע טריט.

כ׳בין פול מיט פרייד
וואָס ריזלט אין מײַן בלוט.
די פרייד
ווערט אָפּט באַגלייט
מיט פאַרשטיקט געוויין.

זאָל עס זײַן אין מיר
דער טרויער פון פאַרגיין
וואָס ס׳ברענגט מיט זיך
די נאַכט
צו מײַן געלעגער?

די נאַכט קומט אומגעריכט
מיט פאַרעטערישע
קעצישע טריט —
נאָך אַ לאַנגן טאָג
וואָס זעצט זיך אָפּ
געדיכט
און זאָגט אָן:
די צײַט פון פאַרגיין.

## דער אומרו

דער אומרו זינקט, פאַרזינקט
אין פעלד פון טיפן שווייַגן.
די שווייַגיקייט פאַרקלינגט
ס׳געוויש פון בוים מיט צווייַגן.

די אויגן שאַרף געשליפן
דערגרייכן סטעזשקעס, וועגן,
ווי דורכזיכטיק זיי ווערן,
די ווייַטן אָפּגעלעגן.

דו זעסט דאָס קלענסטע פלעקל
וואָס פלעקלט אויף דער וואַנט
און רופט אַרוים אַן עקל
בייַם צוריר מיט דער האַנט.

משה־בינעס לעדערמאַן

ס'איז שווער צו זאָגן גרויס,
ס'איז שווער צו זאָגן קליין.
די בענקעניש גייט אויס,
גייט אויס נאָך זיך אַליין.

פאַרדביקהט שטייט דער בוים
אין שײַן פון זונפאַרגאַנג
און איך אַליין בין שוין
נישט מער ווי בלויז פאַרלאַנג.

איך זוך זיך צו באַפרײַען
פון אומרו טיף צעצווײַגט
וואָס הערט נישט אויף צו שרײַען
אַרײַן אין מײַן געשווײַג.

## אַ מענטש ביי נאַכט אין גאַס

אַ רעגן פאַלט. מיט אומרו פול איז נאַכט און לופט.
אַ מענטש אין זיך פאַרטוליעט גייט מיט נאַסע האָר,
ווען מ׳שלעפערט איַין די קינדער שוין מיט „איי־לו־לו״,
ער טשאַפּעט, זידלט זיך: — צו אַלדע שוואַרצע יאָר!...

דער גאַסלאָמפּ גרינט אויף ברוק, וואַרפט שאָטנס לאַנג.
דער מענטש מיט מויל פאַרריסן לאַכט אָן קלאַנג.
ביַי נאַכט אין גאַס אויף נאַסן טראָטואַר
די אויטאָס לויפן ראַש אין נאַכטקאָשמאַר.

ער שלעפּט זיך קוים, דער מענטש, מיט שאָטן קרום
אין שפּעטער שעה פון נאַכט אין גאַס אַרום,
צעשויבערט מיט די פינגער זיַין קאָפּ האָר
און זידלט זיך: — צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

משה־בינעם לעדערמאַן

## אַ פּלי אין דזשעט

אַ פּלי אין דזשעט.
ווי איינזאַם פּילט זיך עם אַ מענטש
אין הימלהייכן
צווישן נאָך אַ סך
אַזעלכע ווי ער.
די לופטשיף פּליט,
וויגט זיך מאַיעסטעטיש
אין די הימל־רחבותן.

דער לופטגיגאַנט —
געגאָסן פון אײַזן, שטאָל —
טראָגט זיך דורך די וואָלקענע געהילן,
געשטאָלט מיט מענטשלעכן געדאַנק און ווילן —
אַ שוועבגעזאַנג
פאַרקלינגט די הימלען.
ווי קען דער מענטש אין אָט דעם פלי
צווישן ערד און הימל,
ווי קען ער זיך נישט פילן
אַזוי דערהויבן?

איך נייג אַראָפּ מײַן בליק
צום אויפגיין פון פאַרטאָג
מיט אויפגעוועקטער מי,
דאָרט אונטן אויף דער ערד,
מיט מענטשלעכן געאײַל, געלויף
צווישן שטיינער, מויערן און ווענט,
גיריקן געיאָג נאָך געלט, פאַרדינסט
אָן חשבון און אָן זין.

און אין דער הייך,
אין די הימלהייכן,
אָן ברעג, אָן ענד
פליט אַ מענטש אין דזשעט
וואָס װעט
גיך און זיכער אין זײַן פויגלשוועב
אים ברענגען צו זײַן ציל.

בײַ זײַן זײַט
ער פילט אויף זיך דעם בליק פון גאָט
וואָס אַ געטרײַער האָט

אים באַגלייט
און אים געהיט
דעם גאַנצן וועג.

דער מענטש פאַרטראַכט
פליט אין דזשעט
געפאָרעמט און געשמידט
דורך זיינע הענט.
און ס׳שוויַיגט דער מענטש
אין זיך אַריַין
זיַין שוויַיגעניש —
און זוכט באַשייד פון סוד,
פון רעטעניש,
פון דער מיסטעריע
פון גאָט
פון וועלט
פון מענטש
וואָס בליַיבט פון זיך אַליין
אַן אויסגעלאַכטער —
אויף שפּאָט.

## ביים ים

זומערלעב בײַם ים
אין גאָלדיק־געלן זאַמד
אויפן רחבותדיקן ברעג.
דו קומסט אַהערצו צו געניסן
פון אַ ביסל עולם־הזה.
די זון נעמט דורך,
שטראַלט דורך דאָס זאַמד,
פאַרברוינט דײַן לײַב,
די גלידער דײַנע
וואַרעמט, בריט און גליט.

פאַרמאַטערט מיד
דו ווענדסט די טריט
אַהין צום בוים
צעצווײַגט געדיכט
און אין זײַן שאָטן
דו קילסט
זיך אָפּ.

זאָרגלאָז פרײַ
דו ווילסט
נישט וויסן פון קיין צוים.
ס'שלינגט דאָס אויג
די רחבות אָן אַ גרענעץ.

זאָל די צײַט זיך גיין איר גאַנג.
דו שטייסט אויף גרענעץ פון דער צײַט.
וואַרף דײַן בליק אַהין אין ווײַט.
אָט פליט אַ שמעטערלינג פאַרבײַ,
זײַן טאָג לעבן פלאַטערט
אַרײַן אין דער צײַט
וואָס פאַרלירט דעם חשבון
דאָ בײַם ברעג ים
וואָס איז אַליין אָן אַ ברעג.

ווי גיך זיי קומען דאָ אַוועק
די פייגלדיקע זומערטעג
אין גאָלדיק־געלן זאַמד
אויפן רחבותדיקן ברעג
בײַם ים.

## אויף דער גרענעץ

די סנאָפּעס ליכט,
וואָס פֿאַלן פון רעפלעקטאָר,
ווישן אָפּ דעם חושך
פון דער נאַכט,
דעקן אָפּ
אַ שטיין אין גאַס,
אַ סלופּ,
אַ לאָך אין ברוק,
אַ צווייַג
וואָס ליגט בייַם שטאַם
פון אַ בוים
ווי אַ געשאָכטענער לאַם.

דער רעפלעקטאָר־שייַן,
ווי אַ דאָרשטיקער הונט,
ווישט מיט זייַן צונג
די שטעכלדראָט,
די גרענעצצוים
פון קיינעמס לאַנד,

צי האָט נישט אין געהיים
קיין פאַררעטערישע האַנט
באַרירט די וואַנט:
צי גאָר חלילה פאַרן שׂונא
געעפנט אַ טיר, אַ שפּאַלט
און אים געלאָזט, ער זאָל אַרײַן,
זיך דורכשמוגלען
אומלעגאַל.

אין חלל־שטח אויסגעשפּרייטן
אַרום רעפלעקטאָר
האָט די שליטה בלויז די נאַכט.
די נאַכט זעט נישט קיין פּנים.
זי דערקענט נישט קיינעם.
ווי גזלנים שטײַען
ראָבאָטס,
גולמס
מיט אָפענע מײַלער
ווי גריבער —
אָפּשפּאָט
גאָטס.

גענוג איין וואָרט —
אַ צינגלצי —
און אַלץ אַרום ווערט
אויסגעגלײַכט מיט דער ערד.
קיין נפש בלײַבט נישט
אויף אַן אָרט
און נישט קיין שטיין
אויף אַ שטיין.

די שטערן שפּיזן,
קוקן שטאַר און גרין
מיט וועלפישע אויגן
און געשטשירעטע ציין
אינעם חלל אַרײַן.

די לבנה טאָרעט זיך
אַ פאַרוווּנדיקטע
אין אַ קאַלוזשע בלוט.
איר קאָפּ איז געשפּאָלטן.
זי רוקט זיך,
פאַררוקט זיך דערשראָקן
הינטער אַ וואָלקן.

די בײַנאַכטיקע ביימער
בייגן די קעפּ,
ווי ערב שטורעם,
ווי אונטער אַ האָגל
טעמפּע קלעפּ.

פון אַ זײַט
שאָטנט זיך אַרויס
אַ וועכטערהויז
פון דער גרענעצוואַך
מיט לאָדנס צוגעמאַכט.
אַזוי די גרענעץ,
אַזוי די וואַך,
אַזוי דער הימלדאַך —
אַלץ איז דאָ פאַרהאַמערט,
אויף זיבן שלעסער
פאַרהאַקט,
פאַרמאַכט.

## דער זינגער מיטן פּאַפּוגיי

אויפן ראָג
פון אַ טומלדיקער גאַס
אין מיטן טאָג
אין האַסטיקן געשטראָם, געשפּאַר
פון אײַליקע פאַרבײַגייערס —
שטייט אַ וואַגאַבונד אַ זינגער
בײַם וואַנט אויפן טראָטואַר
צעטראָגן מיט די בליקן
דערשראָקן, בלאַס —
אויפן ראָג גאַס.

מענטשן גייען גיך פאַרבײַ
פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַל
אין זייער אימפּעטיק געאײַל.
דער זינגער גאַרגלט זיך,
לאַכט און קוועלט.

ער האַלט די גרויסע וועלט
אַרײַנגעקוועטשט אין קעסטל —
די קאַטערינקע מיטן פּאַפּוגײַ.

אין אָט דעם קליינעם שפּילקעסטל
ווי אין זײַן אָפּגעריבענעם
רויטן סאַמעט-וועסטל —
אין דער קעשענע
ווו ער שטופּט די סענטן —
ליגט זײַן סוד
וואָס האַלט אים אויף
בײַם לעבן.

דער זינגער מיטן פּאַפּוגײַ
אויף דער קאַטאַרינקע
שפּילט דאָ אוים זײַן וועלט.
ער זינגט זיך צו,
ער קוועלט,
ווי ס'וואָלט די גאַס
בײַ אים באַשטעלט,
ער זאָל אויסלאַכן
די גאַנצע וועלט.

זינגט ער,
לאַכט ער,
זײַן שווידערלעך געלעכטער,
זײַן אָך און אַך!...
ער גיט אַ ווונק,
אַ קוועטש מיטן אייגל
און טוט אין זײַט אַ שפּײַ:
— אָט אַזאַ וועלט איז נישט כּדאַי...

ס'האָרכט אים נישט די גאַס.
ס'הערט אים בלויז דער פּאַפּוגײַ.

## אויף אַ שוואַרצער שעה

### 1. דער הונט

דער הונט האָט שוין אָפּגעגעסן,
אַרומגעגריזשעט דעם ביין
פון אַלע זײַטן
מיט די שאַרפע ציין.
איצט ליגט ער אויסגעצויגן
מיט האַלב־פאַרזשמורעטע אויגן.
דער הונט איז שוין זאַט.
ער האָט אַ גוטע סעודה געהאַט.
דאָך ווען ס׳זאָל אַ צווייטער הונט
וועלן פון אים גענעמען
כאָטש איין ביסן —
וואָלט ער זיך מיט כּעס
אויף אים געוואָרפן
און אויף שטיקער אים צעריסן.

דער הונט איז אויסגערוט,
נאָר אומרויִק איז אין אים זײַן בלוט.
ער שאַרט די ערד
מיט די צוויי פאַרדריפּעטע פיס,
ער גראָבט אַ באַהעלטעניש,
אַ שפּײַכלער פאַר זײַן גוטס

צו פאַרדעקן און פאַרשטעקן
זײַן איבערבלײַב —
דעם פעטן ביין.

ער שטופּט דעם ביין
אין דער ערד אַרײַן,
באַגראָבט אים טיף,
באַהאַלט אים —
אויף אַ שוואַרצער שעה.

2. די מוראַשקע

די מוראַשקע שטעלט גיכע טריט,
כאָטש פאַרזיכטיק
איז איר טראָט.
זי שלעפּט מיט זיך מיט
אַלץ וואָס זי האָט —
איר גאַנץ פאַרמעגן —
אַן אוצר,
אַ שווערע משׂא —
גרעסער פון איר,
גרויס ווי זי אין גאַנצן.

אין שאַרפֿן פּיסקל,
ווי אַ צוואַנג,
זי האַלט
איר פֿאַנג —
אַ קרישקע שאָלעכץ
פֿון פּאָמעראַנצן.
זי גייט און פֿאַלט.
מײַדט אוים געפֿאַרן
אין לאַנגן וועג.

ביז ענדלעך אַ מאָל
זי דערשלאָגט זיך אַהיים
צו זיך אין דער נאָרע
מיט איר גרוים פֿאַרמעג —
קיין עין־הרע —
דעם קריש מאַראַנצן־שאָל
וואָס זי באַהאַלט אים דאָ —
אויף אַ שוואַרצער שעה.

## 3. די בין

די בין
פלאַטערט אַרום
אַהער און אַהין,
אַרויף און אַראָפּ
מיט די צעשפּילטע פאַרבן־פליגלען
ביז זי שטעלט זיך אָפּ
אויף אַ קוסטנצוויַיגל
און גיט זיך באַלד
מיט די פליגלען צעשטראַלט
אַ כאַפּ אַרויף
אויף אַ בלום.

אַ נאָכגיביקע
שטייט די בלום
באַרוישט פון געזשום,
פון דער בינס געברום
און לאָזט מיט זיך אַלצדינג טון —
פאַרשיכּורט,
פאַרכּישופט
פון די צעשפּילטע
פליגלשע פאַרבן
פון דער בין

וואָס באַפאַלט זי
און האַלט זי
און זייגט פון איר אוים,
ציט אוים,
נאָגט אוים,
זופט אוים
אירע זיסע בלומיקע זאַפטן,
אַלע אירע קראַפטן
ביז זי פאַלט אַוועק פאַרשוואַכט,
די בלום,
פאַרוואַרפט דאָס קעפּל
פאַרחלשט שטום
און אומטאַכט.

און אַזוי פון בלום צו בלום
פלאַטערט די בין אַרום
זאַמלט דעם זאַפט
פאַרן אַרויסקריג
פון זיסן איידעלן האָניק
וואָס זי לייגט אים אָפּ
אַ טרעפּל נאָך אַ טרעפּל
אויף אַ שוואַרצער שעה.

## 4. דער מענטש

דער מענטש,
ווי יעדער בעל־חי,
אַרבעט זשמודנע
טאָג און נאַכט,
אַ לעבן־לאַנג,
גיט אָפּ זײַן צײַט,
די באַשרענקטע צײַט —
זײַן לעבן —
פֿאַר עפּעס דאָרט
אַ נאַרישקייט,
אַ קנעפּל,
אַ קלעפּל
אַ טישל, אַ שאַנק
אַ שטול און אַ באַנק,
אַ שוך און אַ קלייד.

דער אומרו אים טרײַבט
פון אָרט צו אָרט,
אַט גיט ער אַ גיי,
אַט גיט ער אַ פלי!
ער קלײַבט און ער קלײַבט
דעם איבערבלײַב
פון זײַן פּראַצע און מי.

ער טוט אַלץ וואָס אין דער קאָרט
זיך צו באַוואָרענען
דעם מאָרגנדיקן טאָג
צו קענען פאַרנוצן
געזונטערהייט
די פרוכט פון זײַן מי;

זיך קאָנען באַשיצן
קעגן אַ נויטפאַל
אומגעריכט
קעגן סכּנות וואָס לויערן
אויף אַלע ראָגן,
בײַ אַלע טויערן,
פון אַלע זײַטן.

ער זאַמלט און זאַמלט
פּרוטה צו פּרוטה,
ער שפּאָרט,
ער קאַרגט,
פֿאַרגינט זיך נישט ס׳לעבן —
לייגט אָפּ אַלץ אויף שפּעטער,
אויף מאָרגן.

ווען ס׳קומט שוין דער שפּעטער,
זיך ענדלעך דערוואַרט אויפֿן מאָרגן —
ווען ס׳שליסן צונויף זיך די וועגן
וואָס פֿירן אַלץ שמעלער
צונויף אויף איין וועג —
אים ניצט שוין נישט מער זײַן פֿאַרמעג
וואָס ער האָט געגרייט
דאָס לעבן דאָס גאַנצע
אויף אַ שוואַרצער שעה.

# די שוואַלב

טשיריק, טשיריק, טשיריק, טשיריק!
ס'שוועלבל איז שוין דאָ צוריק.

אינעם שנעבעלע געבראַכט
אַ ווערעמל פאַר פיסקלעך אַכט.

אַלעמען זיי צו באַשפּייַזן —
קאָן נישט יעדער שוואַלב באַווייַזן.

ס'איז דערצו די מורא גרויס —
ס'שטייט דער באַלעבאָס בייַם הויז,

שטייט און היט, ווי ס'היט אַ מויז,
נישט מע קאָן אַריַין־אַרויס.

שפּרינגט אַרום דאָס שוועלבל גיך,
זוכט אַרייַנצוקריגן זיך.

אַ היפּ אַהער, אַ היפּ אַהין :
— זעט, שוועלבעלעך, אַט מיט איַך איך בין !

פּישטשעט, פּיסקלט ס׳קליינוואַרג אַכט :
— זאָג, וואָס האָסטו אונדז געבראַכט ?

טשירקלען טשיריקלעך : — טשיריק,
אַבי דו ביסט שוין דאָ צוריק !

— אַלע זענען הונגעריק !
פּאַלט מען צו — אַ היישעריק,

און אַ סעודה ווערט געמאַכט,
ס׳זאָלן זאַט זיַין שוועלבלעך אַכט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## דער האָז

דער האָז לויפט גיך, ווי ס'לויפט אַ האָז
און ס'בייגט זיך שטיל דאָס גרינע גראָז.

צעציטערט היפּעט, יאָגט און שפּרינגט
און אין דער ווײַט דער האָז פאַרזינקט.

און ס'אָטעמט מיטן האָז
דאָס גראָז אין וועלדל וואָס

איז פון דער זון באַהעלט —
פאַרגעסן פון דער וועלט.

וואָס שרעקט ער זיך, דער האָז, דער העלד —
ס'איז אומעטום דאָך פרײַ דאָס פעלד?

ער לויפט, ווײַל ס'יאָגט אים נאָך די שרעק
אין גאַנצן פעלד — פון עק ביז עק.

# אין הינערשטייג

אין הינערשטײַג, ווי אין אַ שלאָס,
צונויפגעפּאָרט האָט זיי דער באַלעבאָס —
אַ הון מיט אַ האָן.

קרייט דער האָן מעשׂה-באַלעבאָס,
און די הון קוואָקעט: — ווייסעך וואָס...

אַ טאָג אַ גאַנצן זענען זיי פאַרטאָן
צו כאַפּן ווו אַ קיַי, אַ בים, אַ שלונג,
אַ קריש, אַ זשאַרנע, ריַיז און מאָן
און אַלץ וואָס טויג נאָר אויפן צונג.

אָט דאָס איז ס׳הינערישע גליק!
זיי שפּאַנען מיט די פּיסלעך-שפּאָנען
אַהין, צוריק. אַ בליק, אַ פּיק.
גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך דערמאָנען

גיבן זיי אַ לויף צום שטײַג אין הויף,
צום פּרעם וואָס איז אין שטײַג פאַרגרייט.
און פריִער שפּעטער קומט דער סוף
צו זייער הינערישער פרייד.

משה־בינעם לעדערמאַן

## די צייט פאַרגייט

דער טעלעפאָן פאַרעקשנט שווייַגט און ס׳שווייַגט
די גאַנצע וועלט. ס׳רופט קיינער זיך נישט אָן.
דער זייגער יאָגט, ער איז נישט שפּאָרעוודיק מיט צייַט,
ער פּלאַפּלט אויס: — די צייַט פאַרגייט. זי שטייט אין קאָן.

דער וואַסערקראַן אין קיך — טראָפּנט — טראָף נאָך טראָף.
דער טראָפּן לעכערט אינעם מוח, נאָר די שטילקייט שטייַגט.
שאָטנס שאַרן זיך אויף ווענט און ס׳נייגט זיך שווער דער קאָפּ
אַרונטער און דער טעלעפאָן איז שטום און שווייַגט.

דער שטורעם רייַסט די פענצטערס. ס׳וויינט דער ווינט.
געטראָט פון טריט אויף טרעפּ. די טיר פרעגט שטיל:
— ווער גייט?
די שטולן, ווי צעקריגטע, שטייען קרום, ווי בלינד.
ס׳קרעכצן טריט אין שטוב און שטום די צייַט פאַרגייט.

## אין שאָטן

אין דרויסן גליט די זון און ברענט.
אַליין איך זיץ פאַרבענקט — אין שאָטן
פון אַ צײַט וואָס איז אַוועק
און וועט צוריק שוין מער נישט קומען.

ס׳גייט אויף אַ טאָג פון רעגן, שטורעם
וואָס בײַטשט די ערד, דעם מענטש, דאָס פערד.
באַלד פרילינגט אויף אין האַרץ די פרייד,
די פרייד פון בוים — וואָס ערד דערנערט.

די זון אין דרויסן ברענט און גליט
נאָר איך — געראָטן בין אין שאָטן
וואָס שאָטנט אָפּ אַ לאַנגן וועג
ווו איך וועל ווען אַ מאָל דאָרט קומען.

משה־בינעם לעדערמאַן

## דער עפּלבוים

דער עפּלבוים טענהט ווי אַ מאַמע צו די קינדער
אין אויסגעליידיקטן פאַרוויסטן געטאָ:
— געבליבן זענען מײַנע עפּל ווי די שאָף און רינדער
אָנעם פּאַסטעך. כ׳שרעק זיך פאַרן רויש אין מײַנע בלעטער.

ווו זענען די הענט וואָס האָבן מיך געפּלעגט, געהיט,
מײַנע פּירות זאָלן נישט פאַרווערעמט ווערן.
פאַרפאַלן זענען זיי געוואָרן ווען איך האָב געבליט
אין מילדע פרילינגנעכט בײַם גרינעם שײַן פון שטערן.

מײַנע פרוכטן זענען זאַפטיק, דורכגעזונט און רייף.
ווער וועט זיי אָראָפּנעמען, פון עפּלבוים זיי רײַסן?
אַרום מיר איז געווען בהלה און יללה און געלייף...
איצט שרומפּן זיי, נישטאָ ווער ס׳זאָל זיך מיט זיי באַווײַזן.
דערוייף האָט מען געבליט, געוואַקסן און געוואָרן צײַטיק,
אַז ס׳זאָלן, ווי אונטערגעשאָסענע פייגל, די עפּל
אַ פאַל טון פונעם בוים.
צו ווערן פאַרווערעמט, פאַרשרומפּן
און אײַנגעדאַרט ווערן ביז ווייטיק,
ווו זוכן אַ טרייסט? אין דער שטומער פאַרוויסטקייט?
אין הפקרן ווינט? אינעם טרוים?

## אַ שותּף צום טרויער

ווי לאַנג איז דען דער לעבנגאַנג און דויער
אינעם יאָמערטאָל ווו אַלצדינג וועלקט, פאַרגייט.
ווו אויף טריט און שריט די טויט-סכּנה לויערט
און אויף אַבֿלות ווערט פאַרטוישט די פרייד.

מיט יעדנס פּײַן און לייד, איך נעם זיך איבער
און אַ גלײַכער שותּף כ׳ווער צום טרויער,
צום קבֿרנס גלײַכגילטיקן גראָבן גריבער,
צום באַדראָטן מענטש אין נעץ פון לויער.

צום פאַלן פון אַ בלעטל פונעם בוים,
צום אומרויִקן שלאָף פון חולה אויפן בעט,
צום זקנס מורא פאַרן טויט און מיינט: אַז שוין...
וואָס קען פון זיך נישט אָפּטרײַבן די שרעק.

צום ווייטיק פונעם ציגעלע אין וועלפיש-שאַרפע ציין,
צום שפּילצײַג-ליאַלקעלע וואָס קען נישט גיין אַליין,
צום צעפּיעשטשעטן, צום קליינעם קינדס געוויין,
צום איינטאָגיקן פלאַטערל וואָס וויל נישט אונטערגיין.

כ׳ווער אַ גלײַכער שותּף צו זייער אַלעמענס צער,
צום פּײַן פון די וואָס ס׳טרעפט אַז מע פאַרגעסט אין זיי,
און די וואָס זענען אויסגעשטעלט אויף טויטגעפאַר —
אַ שותּף כ׳ווער צו זייער טרויער, צו זייער שטילן וויי.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אומרו

אין דער אײַנגעשטילטער מילדער אָוונט־שעה,
ווען ס׳קומט אַ באַרוועסע צו גײן די רו: — כ׳בין דאָ!
נעפּלען זיך אַדורך די פּאַרמעטן פון לעבן אין געדאַנק,
אַלץ וואָס איז אַוועק, פאַרשווונדן אַזוי גיך — טוט באַנג.

נאָר באַלד דערמאָנט דער זייגער ביי דער זײַט:
— ס׳ווערט שפּעט! געשווינד! נו, גיך, נישטאָ קיין צײַט!
נו, שטיי נישט! גיכער, יאָג טאָג־אויס, טאָג־אײַן.
דו קוק נישט אויף צוריק, אָט טונקלט שוין די שײַן

פון טאָג וואָס האַלט שוין בײַם פאַרלעשן זיך, פאַרגיין
צוזאַמען מיטן רויש, באַרויש פון לעבנפרייד.
אַלץ גיכער לויפן איצט די שעהען: בלײַב נישט שטיין!
דער אומרו מאָנט אין בלוט און זוכט אויף אַלץ באַשייד.

## דער נעכטן

דער נעכטן איז פֿאַרבײַ מיט צער און פּײַן,
געראַנגלט זיך, געקעמפּט און נישט געוואָלט פֿאַרגיין.
געבליבן בין איך אויף די קרייצוועגן אַליין.
איך האָב געזען די זון פֿאַרגיין אין רויטן שײַן.
דער נעכטן איז געוואָרן אײַנגעשרומפּן, קליין.

אין נעכטן בלייבן בוים און בלאַט און גראָז,
די יוגנטיאָרן אונדזערע וואָס וויאַנען אָפּ.
דער חלום פון דער אייביקייט איז פונעם וועג אַראָפּ.
די פעלדער פונעם נעכטן שטייען וויסט, פֿאַרלאָזט.
דער הײַנט לאָזט אים נישט אויף דער שוועל און זאָגט אים:
— סטאָפּ!
כאָטש ער ווייסט, ווי דער נעכטן, ווערן גרין און געל, פֿאַרראָסט.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אין רעשיקן געלייף

דער באַגינען שאַרט זיך, ווי אַ קאַץ, פאַרשלאָפן.
פייגל שטורעמען שוין קריגעריש און טרילן.
קינדער גייען אין כאַלאַטלעך ווייסע, ריינע
אין דער שול אַרײַן וואָס שטייט מיט טירן אָפן.
ס'גייט אַ מענטש פאַרבײַ און קוקט זיי נאָך, די קליינע.
אַ הונט אַ וואַגאַבונד הערט נישט אויף צו בילן.

אַלץ איז שוין אין רויש פון טאָג אַרײַנגעצויגן
היצלעס יאָגן זיך נאָך היימלאָז־בלודנע הינט
וואָס ווערן גלײַך פאַרגאַזט אין אויטאָס — שטײַגן.
ס'פירט אַ לאַסט־אויטאָ בהמות צו דער שחיטה.
אַוועקגעכאַפּט זיי פונעם פּאַשעפעלד געשווינד.
פאַרלאָדנט קוקן זיי מיט טרויער אין די אויגן.

ס'לויפן שוין די קאָטשן מיט געאײַל, געפילדער —
אין רעשיקן געלייף — יאָגט יעדער צו זײַן ציל.
איין וועג פירט גלײַך, דער צווייטער אויסגעבויגן, קרום.
מיט ליאַרעם און געוווי לויפט אָן אַ קאָטש פון גיכע־הילף :
— לאָזט דורך! לאָזט לויפן! גיכער! ערגעץ קומט אַ מענטש ווו אום.

לאָזט ראַטעווען אַ מענטש! — דער שאָפער שרײַט אַ ווילדער.
ס'שטייט די ברייטע גאַס מיט אויטאָס פול פאַרשטאָפּט.
מענטשן אײַלן און אַ ווײַל מע שטעלט זיך אָפּ.
— וואָס איז דאָ געשען, וואָס? אַ מענטש אין בלוט גייט אָפּ.
מע גיט זיך באַלד אַ כאַפּ: — אױ־וואַ ס'איז שפּעט! דאָך שוין
— האַ? געשטאָרבן? ניין, ער לעבט? — ער וועט
זיך שוין אַרויסדרייען — און גלײַך מע טראָגט זיך אָפּ.

נישטאָ קיין צײַט צו טראַכטן. ס'קאָכט די גאַס און יאָגט.
אַ קאָטש־עגלה פּירט אַ מת צום גוטן אָרט.
באַגלייטערס אין די קאָטשן פאָרן שטילע, אָן אַ וואָרט.
פאַרבײַגייערס קוקן נאָך מיט בליקן פול באַדויער
דעם טויטנקאַסטן אויפן דעק. דער שאָפער יאָגט:
— שוין שפּעט... ס'איז ווײַט דער וועג. שוין באַלד אַוועק דער טאָג.

דעם שאָפערס פּנים אין דער זון גליט רויט.
מע לאָזט אים דורך נאָך איידער ס'ליכט ווערט רויט
אין האַלט־סיגנאַלן — די פײַער־סעמאַפאָרן.
מע מאַכט אים פרײַ דעם וועג, דרך־ארץ פאַרן טויט!
ס'אָטעמט פרײַער אָפּ די גאַס און רוישט,
רוישט אויף אויף ס'נײַ — מען קאָן שוין ווײַטער פאָרן!

משה־בינעם לעדערמאַן

## אויפן בית־החיים

אויפן בית־החיים
רוישט אַ ווינטל
צווישן די מצבות־רייען
פון ביידע זײַטן אַלייען.
שטילע טרויעריקע רייד.
דאָס לעבן אָן באַשייד
שטייט דאָ אין אַ זײַט,
פאַרווישט די גרענעץ
צווישן טרויער און פרייד.

שטילע
אײַנגעהאַלטענע אָבל־טריט,
גורל־טריט פון מענטש
דער טויט פאַרקריצט:
ווועמענס ריי קומט איצט? —
קיינער איז נישט צוגעגרייט
און קיינער קען נישט געבן
קיין באַשייד
פון לעבן.

די שטילע בית־החיים־רו
אַנטפּלעקט דעם סוד
וואָס ליגט איבערגעדעקט
מיט שוואַרצן טוך
און גייט אַראָפּ
אין קבר־טיף
פון איילן פיר —
אויף יענער זייַט טיר
פון לעבן.

אַ ווינטל פלאַטערט,
שפּאַנט ביַי דער זייַט
באַגלייט
די שעפּטשענדיקע רייד
אין האַרצטיף פון באַגלייטער:
ס׳איז נאָך, ברודער, וויַיט,
נאָך וויַיט אַזוי —
ס׳האַלט נאָך נישט דערביַי,
וואָסי, דו יאָגסט זיך?
דו האָסט נישט קיין ציַיט?
לעב און האָף!
דער סוף איז וויַיט, נאָך וויַיט
דער סוף.

משה־בינעם לעדערמאַן

## אומעטיקע רייד

נאָך וואָס זיך קריגן?
ס'איז נישט כּדאַי.
זײַ מוחל, ברודער,
פֿאַר די אומעטיקע רייד.
נישט אַלץ, וואָס עמעצער פֿאַרזייט —
גייט אויף,
שפּראָצט אויף,
ברענגט זעט און פֿרייד.

איך קום צו גיין אַהער באַגינען
שטיל, באַשיידן —
זיך אַליין באַשיידן,
אַליין זיך אָפּגעפֿינען.

די כוואַליעס לויפֿן אָן און לויפֿן אָפּ,
פֿאַרשווימיקט ווײַס.
אויף זייערע ווײַסע קאַמען
צעשפּליטערט זיך די זון.
נאָר וואָס האָב איך דערפֿון?

גראָז און שטיין אָרום
צוואָגן זיך אין וואַסער.
ס׳וועט דאָ אַזוי שוין שטענדיק זײַן.
געלייף פון כוואַליעס
אין זוניקן שײַן.

אַזוי איז שוין דער סדר:
קומען און גיין.
אויך אַלצדינג
וואָס מיר זעען, הערן
אין אַרום —
אַלץ לאָזט אונדז קלערן,
נישט שטענדיק
וועט קיין ברויט נישט ווערן
פון קאָרן
וואָס איז נאָך אין בלי,
און אַז נישט שטענדיק
איז כּדאַי
די מי.

משה־בינעם לעדערמאַן

## דער מענטש איז גוט

ס׳זאָגט דער מענטש: — דער מענטש איז גוט.
באַטש דער זכּרון זאָגט דיר אונטער
אַז קין האָט פאַרגאָסן הבלס בלוט.
ווי קען דער מענטש זײַן מונטער?!

מע זאָגט: די גוטסקייט האָט די אויבערהאַנט
טאָ ווער וויל גלייבן אינעם גיפט פון פײַלן?
אַז די ברידער האָבן יוספן פאַרקויפט מיט שאַנד
צו אַ באַנדע קאָנטראַבאַנדיסטן־ישמעאלים.

די זון גייט אויף, באַשײַנט די גאַנצע וועלט
דאָך דאַרף דער מענטש זיך היטן אויך בײַ טאָג.
אַפילו ווען מע האָט שוין אַלץ — דאָך עפּעס פעלט
און ס׳זוכט דער מענטש צו ווערן פרײַ פון יעדער פּלאָג.

ער דאַרף נישט זען דער מענטש די בלויזע נאַכט
וואָס לייגט זיך אים פאַר זײַנע טריט אין וועג.
דער עיקר איז דער טאָג וואָס איז פון גאָט פאַרטראַכט
אַז ס׳לעבן זאָל געדײַען, אָנגיין אין די טעג.

די מיסטעריע פונעם לעבן איז אַ ספינקס, אַ נס,
פאַר זײַן מאַיעסטעט, דעם לעבן — צי דעם הוט!
פאַרגעס אין שלעכטס, אין נאַכט און טויט פאַרגעס
און האַלט אין לעבן הויך די פאָן: דער מענטש איז גוט!

